MORRIS WINCHEVSKY'S
WRITINGS

• • •

# Dramatic Works

THE FORWARD ASSOCIATION
175 East Broadway,
New York, U. S. A.
4

# דער לעצטער נאֲבאָר:

## אַ דראַמע
## אין דריי אַקטען

# פאָרוואָרט צום „לעצטען נאַבאָר“.

דער סיוזשעט פונ׳ם „לעצטען נאַבאָר“ האָט מיך באשעפטיגט מיין גאַנצען לעבען, ווייל וועגען דעם פאַקט, אויף וועלכען די פיעסע איז געבויט, האָב איך געהערט אין מיין פאָטער׳ס הויז איידער איך האָב נאָך געקענט אריינקוקען אין אַ ספר.

די מעשה האָט, פארשטעהט זיך, ניט פּאַסירט גענוי אזוי, ווי זי איז געשילדערט אין דעם „לעצטען נאַבאָר“, אָבער פּאַסירט האָט זי, און דער איינדרוק אויף מיין יונגען מח איז געווען זעהר שטאַרק.

אין 1885, אַ יאָהר נאָכדעם ווי איך האָב אָנגעהויבען צו רעדאַקטירען דעם „פוילישען אידעל“ אין לאָנדאָן, האָב איך די דאָזיגע פּאַסירונג באנוצט פאַר אַ „דראַמאַטישען געדיכט“ אין צוויי קליינע סצענקעלעך, וועלכער האָט געהייסען: „פּאָרט ניט געכאַפּט“.

צעהן יאָהר שפּעטער, אין 1895, ווען איך האָב זיך גענומען צו דער רעדאַקציע פונ׳ם באָסטאָנער „אמת“, האָב איך דעם אינהאַלט פון „פּאָרט ניט געכאַפּט“ ארויסגעגעבען צו אַ טוץ יונגע ליוט, אויפלאַדענדיג זיי צו מאַכען דערפון אַ סקיצע: די בעסטגעשריבענע זאָל ווערען געדרוקט. איניגע מאַנוסקריפּטען זיינען ארויינגעקומען, אָבער זיי האָבען אַלע ניט געטויגט.

דעמזעלביגען יאָהר האָב איך זיך מיישב געווען מיט יעקב גאָרדין מכח מאַכען דערפון אַ דראַמאַ. ער האָט מיר אָבגעראַטען; ער האָט מיר ערקלערט, אַז דער סיוזשעט מיינער האָט העכסטענס געקענט זיין אַן אינצידענט אין אַ דראַמאַ. איך האָב איהם מודה געווען, אַז ער איז גערעכט.

אַ יאָהר פונפצעהן זיינען פארגאנגען. שילדקרויט, מיט אַ יאָהר אָדער צוויי פריהער אָנגעקומען אין אַמעריקא, האָט צוזאַמען מיט מרס. סאַראַה אַדלער אָנגעפאַנגען שפּיעלען אין דעם ברוקלינער נאַוועלטי טהעאַטער, אונטער דעם מענעדזשמענט פון נייטהען מינץ. ביי זיי האָט זיך אויפגעלעגט אַ פּלאַן צו שטעלען אין איין אָווענד (פון צייט צו צייט) עטליכע איינאַקטערס. מר. מינץ האָט געוואוסט וועגען

דעם „מזרח־ווינד" (אין דיעזען באַנד) און האָט איהם ביי מיר געקומען אויף געוויסע באדינגונגען, וועלכע זיינען איבריגענס ניט געהאַלטען געוואָרען.

ווען איך האָב דעם „מזרח־ווינד" פאַרגעלייענט פאַר זיי דריי: שילדקרויט, מרס. אַדלער און מר. מינץ, האָבען זיי מיר געמאַכט קאָמפּלימענטען, שטאַרק איבערטריבענע, אָבער ערנסטע, און איך האָב אָנגעהויבען צו קלערען: אפשר האָב איך ווירקליך אַ האָרעלע דראַמאַטישען טאַלאַנט, ווער ווייס?

אין די נעכסטע עטליכע יאָהר האָב איך זיך גענומען איבעראַרבייטען אַן אַלטע קאָמעדיע, וואָס ליעגט ביי מיר זינט דעם יאָהר 1886 אָדער 1887. יעקב גאָרדין, מאָגולעסקאָ, מרס. ליפּצין און אַנדערע האָבען זי געלעזען, מיר ראַטהענדיג עס צורעכטצומאַכען כדי עס זאָל טויגען פאַר די ביהנע.

ווען דערפון איז צוליעב פיעל טעמים גאָרנישט געוואָרען, האָט זיך אין מיר אויפגעוועקט דער אַלטער חלום מכח דראַמאַטיזירען דעם אינהאַלט פון „פּאָרט ניט געכאפּט".

און ביסלעכווייז איז די פּיעסע אויסגעוואַקסען. „אויסגעוואַקסען" איז דער ריכטיגער וואָרט. צוערסט איז זי געווען אַן איינאַקטער. אַלס אַזעלכער וואָלט זי אפשר געווען ניט שלעכט, אָבער ביי מיר האָט זיך דערווייל געיאָוועט אַן אַמביציע צו באשרייבען אַביסעלע דייטליכער און בולט'ער אַ פּעריאָדע אין דער אידישער געשיכטע, וואָס בלויז די עלטערע שרייבער האָבען דערפון געהאַט עטוואָס פּערזענליכע ערפאַהרונגען. וועגען דער דאָזיגער פּעריאָדע וועל איך רעדען אויספיהרליכער אין אַנאַנדער אָרט. דערווייל ווילט זיך נור באמערקען, אַז די עלטערע מענשען, וואָס קענען געדענקען די 70יגער יאָהרען פונ'ם פאָריגען יאָהרהונדערט, קלייבען זיך ביסלעכווייז איינער נאָך דעם אַנדערען ארויס פון אונזער וועלט. מיר האָט זיך געדוכט, אַז איך האָב כמעט אַ פליכט צו ערפילען, אויב, פארשטעהט זיך, איך האָב דעם נויטיגען טאַלאַנט דערצו.

ווען די פּיעסע איז געווען פאַרטיג אין אַלע דריי אַקטען, האָב איך געפיהלט, אַז וואָס דער ווערטה זאָל ניט זיין פונ'ם בילד אלס אַ צייטבילד, אלס אַ שילדערונג פון אַ געוויסע עפּאָכע אין דעם לעבען פון אונזער פאָלק, קען די פּיעסע ניט בלייבען געענדיגט ווי זי איז. דער סוף איז דראַמאַטיש ניט ריכטיג און דער עולם טאָר ניט ארויסגעהן פונ'ם טעאַטער, אָדער אַוועקלעגען דאָס בוך אונטער דעם איינדרוק, וואָס ער טראָגט ארויס, דערגעהענדיג ביז'ן סוף פונ'ם דריטען אַקט.

פון דער אַנדערער זייט האָט דער היסטאָרישער אמת פאַרלאַנגט,

אַז דוקא אַזוי זאָל זיין דער סוף פון דער מעשה — אַזוי און ניט אַנדערש.

דאָ איז געווען אַן אמת׳ע דילעמאַ. אַזוי שלעכט און אַזוי נאָך ערגער. אין דיעזען שלאָגען זיך מיט דער דעה זיינען פאַרגאַנגען 9—10 חדשים.

איין טאָג, אויף די בערג, דורכלעזענדיג אַ ראָמאַן פון דעם גרויסען פראַנצויזישען שריפטשטעלער אַנאַטאָל פראַנס, איז מיר פּלוצלונג איינגעפאַלען, אַז מיין פראַגע קען געלייזט ווערן, ווען איך זאָל באַנוצען די אידעע פון יענעם ראָמאַנ׳ס ענד, הגם מיין פּיעסע האָט אין קיין פּרט קיין שום שייכות ניט מיט פראַנס׳עס ערצעהלונג.

איך האָב זיך גענומען צו דער אַרבייט און אין אַ גאַנץ קורצע צייט איז געווען אויפגעשריעבען „די מחיצה”, אַן עפּילאָג צום לעצטען נאַבאַר”.

וואָס איז דערמיט אויפגעטאָן געוואָרען?

אויספאַך דאָס, וואָס דער סוף איז איצט דראַמאַטיש נאַטירליך. אויפגעטאָן געוואָרען איז דערמיט אויך אַנאַנדער זאַך:

דער עפּילאָג איז אַזוי געשריעבען, אַז ער קען, אַלס איינאַקטער, געשפּיעלט ווערן אומאָבהענגיג פון דעם „לעצטען נאַבאַר”. ער איז מאַקע אַזוי געשפּיעלט געוואָרען מיט אַ פּאָאַר יאָהר צוריק אין איינעם פון די ניו יאָרקער טהעאַטערע.

---

ביי דיעזער געלעגענהייט ווילט זיך מיר דערצעהלען עטוואָס, וואָס איז ערסטענס אַ פּליכט לגבי אַנאַנדערן און צווייטענס אַ פאַרגניגען, הגם דאָס קען אפשר קלינגען אַלס אַ האָרעלע באַריהמעריי.

דאָס האָט אַ שייכות מיט דעם נאָר־וואָס דערמאָהנטען אַנאַטאָל פראַנס.

דיעזען וועלטבאַריהמטען און היינטיגען טאָג אָהן שום ספק גרעסטען פראַנצויזישען שריפטשטעלער האָב איך געהאַט די געלעגענהייט צו טרעפען דעם 26 מאַי 1919 אין זיין היים אין פראַנקרייך, אַ מייל פינף פון טור, אַן ערך פון 150 מייל פון פּאַריז.

געקומען בין איך צו איהם צוליעב אַן אויפרוף צו דעם פראַנצויזישען פאָלק געגען די פּוילישע פּאָגראָמען, איהם בעטענדיג ער זאָל זיין דער ערסטער דעם דאָזיגען דאָקומענט צו אונטערשרייבען, אַזוי ווי ער, דער 76־יאָהריגער גרייז איז דער עלטסטער, ווי ער איז אויך דער בעסטער שרייבער, אין פראַנקרייך, יעדענפאַלס פון זיין צייט.

דאָ איז ניט דער אָרט זיך צו פאַרברייטען וועגען מיין וויזיט ביי

איהם. איך האָב געהאַט דאָס גליק צו פאַרווײלען ביי איהם פינף שעה צייט און איך האָב כדרך הטבע פיעל־פיעל צו דערצעהלען. וואָס איך בין דאָ אויסען איז אָט וואָס:

אין דעם פאַרלויף פון דער אונטערהאַלטונג האָב איך איהם דער־צעהלט, אַז איך האָב פון איהם גענבֿעט אַן אידעע: דעם אויסלאָז פון זיינעם אַ ראָמאַן.

„איך בין שטאָלץ דאַרויף" — האָט ער מיר מיט עכט־פראַנצויזישער העפליכקייט געענטפערט. ער האָט, פאַרשטעהט זיך, דאָס ניט געקענט מיינען ערנסט.

* * *

טאָמער ווערט די פּיעסע אַמאָל געשפּיעלט — און איך האָף אַז דאָס וועט געשעהען אין רוסלאַנד פריהער אָדער שפּעטער — וואָלט איך ניט זיין דאַגעגען אַז דער דריטער אַקט זאָל אַ האָרעלע געקירצט ווערען. וועגען דעם אָבער וואָלט איך וועלען אַז מען זאָל זיך מיט מיר דורכרעדען, אָדער דורכשרייבען.

דער, וואָס שפּיעלט סטעפּאַנקען, דאַרף זעהן ניט צו מאַכען די ראָלע צו ביליג־קאָמיש דורך דעם לשון זיינעם. סטעפּאַנקע'ס „האַלב טייטש פּאָלאָווינאַ רייסיש" דאַרף ניט שטערען דעם ערנסט פון דער פּיעסע, ספּעציעל דאָרטען, וואו די שטימונג איז אַ געהויבענע.

פּייווקען דאַרף מען אויך באַהאַנדלען ערנסט.

ער איז אַ 16 יאָהריגער בחור, וואָס האָט זיך געהאָדעוועט זיין גאַנ־צען לעבען אין דאָרף, אויף דער פרייער לופט. ער איז פּראָסט אָבער גע־זונד און פריש — אין גוף ווי אין מוח. אַז ער ליעבט חיה־שרה'ן פאַלט איהם אַפילו אין חלום ניט איין. אויך איז זיין ליעבע צו איהר ניט געשלעכטליך. ער פּיהלט בלויז — פּיהלט, זיך ניט אָפּגעבענדיג וועגען דעם קיין שום דין וחשבון — אַז זי איז דאָס העכסטע, דאָס פיינסטע, דאָס בעסטע, וואָס ער זעהט אַרום זיך. ער באַוואונדערט איהר שכל ניט וועניגער ווי איהר פיזישע קראַפט אָדער איהר קוראַזש. זיין ליעבע דריקט זיך אויס דורך דעם, וואָס זיין גאַנצע נשמה איז פול מיט חיה שרה'ן.

פּייווקע מוז דערפאַר געשפּיעלט ווערען כסדר פאַרטראַכט, חוץ ווען ער רעט מיט איהר אַליין, ריכטיגער, ווען זי רעט מיט איהם. ער דאַרף אין יעדער אַנדערער שטעלונג אויסזעהן ווי איינער וואָס איז טויב פאַר אַנדערע מענשענס ווערטער, וואָס ענטפערט ניט גערן אויף פראַגען און וואָס מערקט כמעט ניט ווען מען אונטערברעכט איהם.

---

פאַרזיכטיג דאַרף אויך געשפּיעלט ווערן די אַלטע 80 יאָהריגע

באָבע רויזע. אַ פּערזאָן וואָס איז „קאָם־קאָם וואָס זי לעבט", וואָס רעט זעהר, זעהר לאַנגזאַם און וואָס ענטפערט אויף יעדע פראַגע מיט אַ „ווער? איך? האַ? יע", אָדער „ניין", קען געמאַכט ווערען פאַר אַ קאָמישע ראָלע כדי צו מאַכען לאַכענדיג דעם עולם. דאָס טאָר בשום אופן ניט זיין דער פאַל, ווייל זי און סטעפּאַנקע דאַרפען — זי אויף איהר אופן און ער אויף זיינעם — אַרויסברענגען דעם טראַגיזם פון דער קאַנטאָניסטען־צייט, וועלכע האָט געשטיקט און געדריקט דאָס אידישע פאָלק אונטער ניקאָלאַיי דעם ערסטען.

די אַנדערע פּערזאָנען אין דער פּיעסע זיינען, דאַכט זיך, פאַרשטענדליך גענוג פאַר יעדען אינטעליגענטען שוישפּיעלער.

# דער לעצטער נאַבאָר

—o—

פּערזאָנען:

**מיכאַל גריץ**, אַ רייכער ישובניק, אַן אַלמן.

**חיה שרה**, זיין טאָכטער, אַ יונגע פרוי פון אַ יאָהר 19, אַ נאַ־טור־קינד, אָבער ניט אונוויסענד; רויט, פריש, פריי.

**רחמיאל**, איהר מאַן, 21 יאָהר אַלט, אַ „זיידענער יונגער מאַנטשיק", אַ מיוחס, אַ וואויל־לערנער און אַ שטיקעלע משכיל.

**באָבע רויזע**, מיכאַל'ס מוטער, אַן 80 יאָהריגע אַלטיטשקע, קאַם־וואָס־זי־לעבט, רעט בטבע זעהר געלאַסען.

**פייוועקע** דעם מילנער'ס, אַ אינגעל פון אַ יאָהר 16, אַ מאַדים; אַ גוטער קאָפּ, נור שטענדיג פערטראַכט.

**סטעפּאַנקע**, אַן אויסגעדיענטער, ניקאָלאַיעווסקער סאָלדאַט, פון די ערשטע קאַנטאָניסטען, 45 יאָהר אַלט.

**וועלפּקע**, דער סבאָרשטשיק, אַ איד פון אַ יאָהר 40, קלוג, גראָב, געשווינד.

**די כאַפּערס**, וועלפּקע'ס בעגלייטער.

---

אָרט: אַ דאָרף אין קאָוונער גובערניע.

צייט: דער יעסען פון 1873, נאָך ימים־טובים.

---

צווישען דעם ערסטען אַקט און דעם צווייטען פערגעהען דריי וואָכען.

ארויסצובריינגען דעם לאָקאַלען קאָלאָריט דאַרף מען אויסשפּרעכען: שין ווי סמך, זש... ווי זין, טש ווי צ.; אויף, אַמאָל ווי אוף („שטעה אוף"), אַמאָל ווי אַף (אַף דער צייט); פער־ ווי פאַר, בע ווי באַ, איהם ווי עם, אַז אַימער ווי U אין דייטש, ניט ווי אי (פּוילישע אויסשפּראַכע).

# ערסטער אַקט

אַ גרויסער צימער, אין מיכאַל׳ס הויז: אין מיטען, אין דער ברייט, אַ דאָפּעלטער גאַרדין, אַזוי פאַנאַנדערגעצויגען, אַז עס זעהט זיך דער גאַנצער הינטערגרונד. דאָרטען שטעהען פוןביידע זייטען אַ בעט און אַ שלאָפבאַנק, צווישען ביידע אַ קופערט. פאָרנט איז דאָ לינקס אַ טיהר אין הויף אַריין און רעכטס אַ פענסטער.

## ערסטע ערשיינונג

מיכאל

סטעפאַן!

סטעפאַנקע

גו־או!

מיכאל

אַלץ אריינגענומען? אין בויד גאָרנישט איבערגעבליעבען?

סטעפאַנקע

גאָרנישט געלאָזשון, ווסיאָ זאַבראַל.

מיכאל

דעם סעננ יק פון געזעם פאָרענט אויך?

סטעפאַנקע

סיעננ יק זאַבראַל, ווסיאָ זאַבראַל.

מיכאל

און דעם פערד האָבער?

סטעפאַנקע

גיגיעבון האָבער אי ווסיאָ פּראַטשעיע... סראַזו אַלץ געטאָן! מיר נישט דאַרף זאָגון: ניע דראָם פּיפּאוטשוואַנטשיג יאָהר מיקאַ-לאייען גיעדיענט.

מיכאל

כשר האָט די בהמה די פאָרציע איהרע היינט פערדיענט, סטעפאַנ-

קע! דאָס איז אביסעל געווען געשפּרייזט פון שטאָדט אהער־צו־צו! פּיס אביסעל געשטעלט! און דער וועג, אַ ניכפּע זאָל עם פּערצאַפּלען, אַ הויקער אויף אַ הויקער און... גאָרנישט! איז זיך געגאַנגען, מיין פּערדעלע, האָט זיך אפילו אַ קרים ניט געטאָן. פּאַרדיענט זיין פּאָרציע, כשר פּאַרדיענט... סטעפּאַן!

סטעפּאַנקע

נו־או!

מיכאל

וואו זיינען די קינדער?

סטעפּאַנקע

רחמיל מיט באַריניא אין קרעטשמע געבלייבט... האָזש מען דאָרט רחמיל'ען גיפריעגט ראַזליטשנע זאַכון. מילנער, קרעטשמאַר אליין, אידון, גאָסטי, פּאָנימאַיעש, רחמיל'ען גיפריעגט טאַק־לי מאָל זשיך דאָס פּריקליוטשאַיעט, אַלי אינאַטשע. ער דאַוואַיי דערציעהלען, ראַזיאַסנייאַייען אַליִ קאַק סליעדויעט... געליערנטי מענטש רחמיל דיינער...

מיכאל

זאָל איך אַזוי וויסען פון דיין קאָפּ, ווי איך וויים וואָס דו פּאַרטאָלעסט מיר דאָ אַ מח. געפּרעגט... געזאָגט?... ווער? וואָס? ווען?

סטעפּאַנקע

אַ מניע פּאָטשאָם אַליִ וויסען? מענטשון גיפריעגט, ער גיענטפערט, איך גיהערט. קום־איך—דערציעהל דיר... ווי איך גיקויפט אַזוי פּאַרקויף איך, אַ טאָם באָך איך וויעדאַיעט האָס אַליִ ניט פּאָ מאָייעיי טשאַסטי... אָט קומט פּייוואָקאַ, פּריעג איהם.

## צווייטע ערשיינונג

מיכאל

קומען די קינדער אהיים, פייווקע?

פייווקע

האָב זיי געלאָזען אין קרעטשמע. רחמיאל האָט עפּעס פון שטאָט מיטגעבראַכט א זאָגער, א מגיד...

מיכאל

א מגיד? מיטגעבראַכט? ניט אויף מיין ביידעל. סאיידען פון הינטען האָט ער זיך אָנגעהאנגען (שמייכעלט, הנאה האָבענדיג פון דעם ווערטעל) אין וואָגען איז געוועזען פול אָהן איהם. מי האָט זיך די פיס פערביטען, די פּלייטשעס צוריבען. אגב האָט א זאָגער ניט וואָס צו פאָהרען אין דאָרף אריין.

פייווקע

האָט, פערשטעהט איהר, דער דאָזיגער מגיד עם דערצעהלט מעשיות — גאָר אן אנטיק!

מיכאל

וואָס רעדסטו פאַר נארישקייט? עס איז קיין מגיד ניט מיטגע־פאָהרען מיט אונז... אין שטאָדט האָט א זאָגער אין אלטען קלויז... שבת... שבת־תשובה... געזאָגט... האָב איהם געהערט... וועט אהער ניט פאָהרען.

פייווקע

חיה שרה'לע האָט אליין געזאָגט. א מגיד, א מגיד! סטעפּאַן, קום! זי האָט געהייסען פאַנאַנדערנעהמען די סוכה.

סטעפּאַנקע

געה, קומ'ך באלד. (פייווקע אָב.) מיכאאיל דאווידאָוויטש!

מיכאל

וואָס ווילסטו?

סטעפּאַנקע

וויפיעל דושע'ם דאָרף אויעזד אייערער שטעלען?

מיכאל

אינ׳ם האַיאָהריגען נאַבאָר? זעקס־א־האלב. וואָרום וואָס? דיך, ברודער, וועט מען שוין נאָך אמאָל ניט נעהמען, דאַרפסט ניט מורא האָבען.

סטעפּאַנקע

איך ניט מיירע פאַר זיך. אין קרעטשמע דאָ א איד פון שטאָדט: איז קאַגאַלאַ, פאַנימאַיעש; טאַק וואָס ער זאָג פאַר דעם מילנער, פּיוואַ־זייני־פּאָטער, אַז וועלען זיי נעהמען קאָוואָ־בי־טאָ־ניבילאָ טאָמער זיי פעהל אוים דושי.

מיכאל

לאָזען זיי נעהמען! ברודער־סטעפּאַן, מיר קאָנען די גאַנצע וועלט ניט פערדאַג׳ענען. דער פּאָוויעט איז גרוים, נפשות זיינען דאָ נענוג. וועלען שוין צונויפסקראַבסקען די עטליכע וואָס פעהלען נאָך. דו גערה, דערווייל, העלף פּייווקען פּאַנאַנדערנעהמען די סוכה: חיה שרה וויל אזוי; וואָס די איילענים איז ווייס איך ניט. זי הייסט. ברענג אריין די סכך: וועט צוניץ־קומען.

סטעפּאַנקע

(קראַצט זיך די לינקע פאה) גערה׳ך, אָבער... מיכאאיל דאַווידאָוויטש! איך, פּאַנימאַיעש, פערשטעה א יעייסוק. (קלאַפּט מיט׳ן פינגער אין שטערן) סמיעקאַלקאַ יעסט, טאַק וואָס האָזש׳יך געהערט א וואָרט און פערשטאַנט צעהן. ניעדאָראַם פּיפּאַוטשוואַגטשיג יאָהר מיקאָ־לאַייען גיעדיענט...

מיכאל

וואָס האָסטו פערשטאַנען? רייד מיט גאַנצע ווערטער. עפּען ברייט דעם זאַק און לאָז זיך שיטען!

סטעפּאַנקע

קלייבט זיך קאַגאַל צו דיר, מיכאאיל דאַווידאָוויטש! וויערנאָ זאָ׳ך דיר.

מיכאל

צו מיר? לאָזען זיי זיך קלייבען. קענען נעהמען אַלע זיהן מיינע — א ניכפּע זאָל עס פערצאַפּלען.

סטעפּאַנקע

זיהן טאַקי ניט נעהמון, אָבער נעהמון דיין זייאַטיאָק, איידעם דייני וויל זיי נעהמען...

מיכאל

סטעפּאַנקע! רעדסט נאַררישקייט. גיבער וועלען זיי נעהמען א שלאַנג פאר'ן עק; וועלען ניט סמייענען, ברודער יאַוועז, צו קורץ די הענט. חאַ, חאַ, חאַ!

סטעפּאַנקע

קיען זיין. גיריעכט, פּאַזשאַלוי!

מיכאל

שייך גערעכט! וועלען — נעהמען — רחמיאל'ן!! דעם באָב־רויסקער עילוי מיט שמיכוש אף רבנות, געקנאָטען און געבאַקען פון רבנים און... און אָבגעבען פאר א זעלנער... חאַ, חאַ, חאַ! יאַהרען, ברודער, האָסטו זיך ביי מיקאָלאיען דערדיענט, שכל פעהלט נאָך.

סטעפּאַנקע

גוט, מיכאאיל דאַווידאָוויטש! אפשר... (אָב.)

מיכאל

(קוקט אַרויס דורכ'ן פענסטער) איך זעה זשיי קומען־ סטעפּאַנקע! איהם ניט א וואָרט, הערסט? קען זיך איבערשרעקען... איז ביי מיר פון די ציטעריגע.

## דריטע ערשיינונג

חיה שרה

(אַריינקומענדיג) פון וואָס האָסטו דאָס אַזוי האַרציג געלאַכט?

מיכאל

פון אונזער סטעפּאַנקע'ס א שטיקעלע אידיש.

חיה שרה

פון זיין לשון איז ניטאָ וואָס צו לאַכען, טאַטע. א וואונדער אז ער רעט נאָך אַזוי...

מיכאל

וויס, מיין טאַטעשי, איך וויס. צו אכט יאָהר האָט מען איהם אָבגעגעבען. געווען צווישען די ערסטע אין דער צייט — ווי רופט דאָס באָבע רויזע? אין דער צייט פון דער... פון דער...

רחמיאל

(כאַפּט איהם אונטער) פון דער בהלה. (צו חיה שרה) בהלה הייסט שרעק, די שרעקליכע צייט, בעת מען האָט געגומען קליינע אידי־שע עופעלעך, האָט זיי געהאָדעוועט פאַר סאָלדאַטען, געהאָדעוועט פאַר גוים, גע'שמד'ט פאַר גוים...

חיה שרה

איך וויס, רחמיאל. האָב זיך גענוג אָנגעהערט אי פון דער באָבען, אי פון סטעפאַנקען.... נאָר רייד, רייד! ביי דיר קומט שטענדיג אַלץ דינג אַרויס עפּעס גלאַטער.

רחמיאל

און וועגען דעם, זעהסטו, איז גראָד ניט לייכט צו רעדען גלאַט, ניט גלאַט, ניט סקלאַדנע. די בהלה־צייט וועט בלייבען אין אונזער פאָלק עפּעס ווי א וואונד אין הארצען, ווי... ווי... א פערשטעלטע וואונד, א בעהאַלטענע מכה, וואָס קיין פען קען ניט בעשרייבען, קיין מויל קען ניט שילדערן. דו הויבסט אָן צו רעדען און די ווער־טער שטעלען זיך דיר ווי ביינער אין האלז און דו קענסט זיי ניט אַרויסברענגען, ניט אַרונטערשלינגען... א קינה קען מען אויף דעם קלאָגען, א דרוש קען מען אויף דעם דרשה'נען, אָבער דערצעהלען קען מען ניט...

מיכאל

(אונטערברעכט איהם) אָה, דאַר־דרשענען! הער וואָס פאַר א בעל־דרש'ער האָסטו דאָס מיטגעבראַכט פון שטאָדט?

רחמיאל

האָב ניט געבראַכט, שוועהר, קיין בעל־דרש'ער — וועמען האָט זיך דאָס גע'חלומ'ט?

מיכאל

האב גלייך געזאגט, אבער סטעפאנקע שווערט מיט שבועות אז דו האסט פון שטאדט מיטגעבראכט א זאגער.

רחמיאל

איך? א זאגער? דער בחור ווייס ניט וואס ער רעט.

מיכאל

פייווקע אויך. עפעס האסטו דערצעהלט אין קרעטשמע מעשיות פאר מענטשען. האסט, ווערליג ווי פייווקע מיט סטעפאנקען זא־גען, געהערט אין שטאדט פון א זאגער, א מגיד... האסט געבראכט... עפעס אזוינעם...

רחמיאל

(מיט א שמייכעל) אה, איצט פערשטעה איך. דו פערשטעהסט, חיה שרה'לע?

חיה שרה

(טוט א טראכט) ניין, דאכט זיך.

רחמיאל

דאס איז א צייטונג אזוינע: איהר נאמען איז „המגיד".

מיכאל

א ציי.... א צייט־ונג?

רחמיאל

דאס איז א בלאט, וואס מי לאזט ארויס אלע וואך א געדרוקטע און דארטען ווערט געשריעבען פון אלץ וואס קומט פאר אין דער וועלט. איז דאס האב איך מיטגעבראכט פון שטאדט.

מיכאל

איי, איצט דערמאן איך זיך, האב עפעס געזעהן אזוינס פאר־א־יאהרען שבועות אין קאווגע ביי א יונגען מאנטשיק אין יאנעווער אכסניא, אבער וואס מיינסטו: פון אלץ אין דער וועלט?

רחמיאל

פשוטו כמשמעו — פון אלץ. א שרפה וואו עס מאכט זיך, א שיף, כאפט אייך אן, געהט אונטער אויפ'ן ים, ערגיץ־וואו פאלט איין א הויז, א מאן איז מעגן א ווייב...

מיכאל

וואָס מיינסטו דערמיט, רחמיאל?

רחמיאל

אַ מאַן אַנטלויפט פון אַ ווייב און מאַכט זי פאַר אַן עגונה, אָדער, מעלט אייך, אַ רב אין אַ שטאָדט צוקריגט זיך מיט'ן ציבור, אָדער ערגיץ־וואו ווערט אימיצער בע'גנב'עט, בע'גזל'ט, צוגע'הרג'עט...

מיכאל

ניט אין קיין אידישע הויז געדאַכט!

רחמיאל

נו, יע! אָדער — אַ מאָלע וואָס עס טרעפט זיך — איך וויים, אַ מלחמה הויבט זיך אָן צווישען צוויי מלוכות, אָדער... דער קיסר קומט ערגיץ אין אַ שטאָדט אָנגעפאָהרען, די קיסרינע ווערט גע־לעגען, אימיצער אַ גדול בישראל שטאַרבט פּלוצים אַוועק, אַ — כאַפּט אייך אָן — אַ גרויסער גביר ווערט נפטר אָדער גיט אויס אַ טאָכטער, אָדער מאַכט אַזוי גלאַט אַ שמחה, — איז אָט דאָס אַלץ ווערט אַריינגעשריעבען אין בלאַט אַריין און ווען'ס ווערט אָבגעדרוקט שיקט מען דאָס פאַנאַנדער אין אַלערליי מדינות אַלע וואָך...

מיכאל

אַלע וואָך?

רחמיאל

אַלע ליעבע וואָך!

מיכאל

און פון וואַנען ווייסען זיי דאָס אַלץ?

רחמיאל

מי שרייבט צו זיי. מי שרייבט אויך, חוץ די נייעס, זאַכען. מאַמרים און שירים און אַ מאָל אַ פּירוש אויף אַ פסוק אין דער תורה, אַ חידוש־זאַך אין גמרא און וואָס ניט?

מיכאל

(צוטומעלט פון די אַלע האַרבע ווערטער) אַזוי! אַ ציקאַווע זאַך, כ'לעבען! נו, און מכח תבואה און בהמות... פלאַקס, וואָל, מיל־

כיגס, אייפס, אייער, געהילץ, היי — ווערט דאָס אויך געשריע־בען?

רחמיאל

ווי אמאָל, קען זיין. איך לייען ניט אָפט אָט די דאָזיגע בלעטער...

מיכאל

אָה! נו און ווי קומט עס אז מי רופט אזא מין כאַנדריאָנע א מגיד?

רחמיאל

דאָס איז אַ נאָמען אַזוינער. המגיד בעטייט אויך אַן אָנזאָגער אין תנ"ך, מיר זאָגען פון איהם, כביכול, המגיד מראשית אחרית, דער וואָס זאָגט אין אָנהויב וואָס דער סוף וועט זיין.

מיכאל

(בעמערקט חיה שרה'ן זיך אויפמערקזאָם צוהערענדיג צו רחמיאל'ן)
וואָס האָסטו אין איהם אַזוי אריינגעלאָזען די אויגען, חיה שרה? דאָס קען חלילה... אַ אשה דאַרף דאָס ניט טאָן, ניין, רחמיאל?

רחמיאל

שטות, שוועֶר, שטות!

מיכאל

נו, און וואָס האָסטו זיי דאָרטען דערצעהלט אין קרעטשמע? אדרבה, לאָמיר אויך וויסען.

רחמיאל

עטליכע זאכען. קודם איז דאָרטען געוועזן בעשריעבען... וואַרט! מי קומט... (אין טויהר בעווייזט זיך סטעפּאַנקע).

## פ י ע ר ט ע ע ר ש י י נ ו נ ג

סטעפּאַנקע

(ווינקט צו מיכאל'ן) קומט ארויס. דאַרף אייך האָבען. דיעלאָ יעסט!

מיכאל

לאָז מיר איצט צורוה מיט דיינע דיעלעס.

סטעפּאַנקע

קום פון קרעטשמע. וויל מיט אייך רעדען איז וואָס איך אייך דאַוועטשאַ, פריהער, גיעזאַגט...

מיכאל

האָב ניט קיין עסקים מיט איהם... וועל ניט געהן צו איהם...

סטעפּאַנקע

קאַק זנאַיעש!

מיכאל

משוגע 'על איך ווערען!

סטעפּאַנקע

פּאַזשאַלוי גערעכט... (טוט זיך ווידער אַ קראַץ אין פּאַה) אָבער, מיכאַאיל דאַווידאָוויטש, זאָג ער, יעוורייי ענטאַט, אַז קומסטו ניט אין קרעטשמע, קומט ער אהער!

מיכאל

(ווערט אַ ביסעל אונרוהיג; טוט זיך אַ גלעט דעם באָרד און זאָגט:) און אפשר... מעהר ווי אַ גאַנג קען איך ניט אָנווערען... אמאָל קען דערפון וואָס ווערען. געקאָסט האָבען די ימים־טובים געגנוג (צו די קינדער) איך קום באַלד צוריק... וועסט מיר דערצעהלען רחמיאל... אַ ציקאַווע זאַך, כ'לעבען! שרפות, עגונות, מלחמות — מלחמות, זאָגסטו אויך, ניין? און... און... גאַרנישט! אַט וועלען מיר טאַקע הערען. קום באַלד צוריק... (געהט ביז'ן טיהר און קעהרט זיך אום) סטעפּאַן! קום־מיט! (אין טיהר, שטיל צו סטעפּאַנקען) וואָס וועניגער גערעט, ער איז ביי מיר אַ ציטעריגע זאַך... (ביידע אָב.)

רחמיאל

ער האָט מיטגענומען סטעפּאַנקען! משמעות וויל ער ניט מיר זאָלען וויסען צו־וואָס מען דאַרף איהם.

חיה שרה

מסתמא, אַ משפט. דער טאַטע זאָל לעבען, קריעכט אַלע ווייל אַריין אין אַ נייעם סכסוך. אַלץ דורך עקשנות.

רחמיאל

און אזוי איז ער, דאכט זיך, גאר א רך־לב, ניין?

חיה שרה

יע, אבער שפארט ער זיך איין, ריהרסטו איהם ניט פון ארט. איצט דערצעהל, וואס דארטען איז געשטאנען אין דעם מגיד דייי־נעם מכה די שייקע גזלנים, וואס דו האסט אנגעהויבען דער־צעהלען אין קרעטשמע, בעת פייוועס האט מיר אוועקגערופען.

רחמיאל

די מעשה איז א שעהנע און איז, משמעות, טאקי אמת אויך. גע־שריעבען ווערט דארטען אט וואס: (חיה שרה רוקט זיך צו נעהנטער צו איהם און דורך די גאנצע ערצעהלונג האלט זי די מויל אפען עפעס אזוי ווי זי וואלט שלינגען זיינע ווערטער) ווערליג ווי דאס ווערט בע־שריעבען פון א געוויסען שפירע פון ווארשע, איז ערגיץ אין איטא־ליען...

חיה שרה

דאס איז אזא מדינה, ניין?

רחמיאל

יע, יע! ווערט שוין דערמאהנט אין דער גמרא. אין איטאליע געפינט זיך רוים, און מכה רוים ווייסטו דאך וואס איך האב דיר דערצעהלט וועגען דעם צווייטען חורבן. מילא, איז דארטען ערגיץ־וואו — געדענק ניט דעם נאמען פון די שטאדט — געווען א באנדע רויבער, וואס פלעגען ראבעווען און אנטאן גרויסע רציחות אויף די וועגען ארום די וועלדער. ויהי היום איז איינער פון די באנדיטען מיט'ן נאמען מאניקא גע'הרג'עט געווארען אין א גע־שלעג — צי מיט פאליציייסקע, צי מיט זעלנער, צי אזוי מיט מענ־שען, שטעהט ניט געשריעבען. איז האט דער מאניקא נאכגעלא־זען א יונגע אלמנה מיט'ען נאמען מרים — אז זי זאל זיין געווען א אידישע, לעגט זיך ניט אויפ'ן שכל: ביי זיי ביניהם איז אויך דא אזא נאמען...

חיה שרה

(כאפט אונטער) — מאריא — למשל, סוועגטא מאריא... נו, נו!

רחמיאל

יע, האט דאס מסתמא דער שרייבער אויף לשון קודש געמאכט דערפון מרים. נו, האט אט די יונגע ווייבעל געשווארען אז זי וועט זיך נוקם זיין אן די.... אן אלעמען, פאר איהר מאנ׳ס טויט. און וואס מיינסטו טוט זי? זי שטעלט זיך פאר דער רויבער־באנדע און זאגט זי וועט ווערען זייער פיהרערקע, און כך הוה. איצט דארפסטו וויסען, חיה שרה, אז די מאריא, אדער מרים איז זעהר א שעהנע...

חיה שרה

דו זאגסט איז: הייסט עס מאקע אז זי לעבט נאך...

רחמיאל

געוויס, אט הער ווייטער. איז די מרים, זאג איך, זעהר א שעהנע, מיט האר שווארץ ווי פעך און מיט אויגען וואס בליסצען און זיינען... פול... מיט גלאנץ (חיה שרה ווערט נאך אויפמערקזאמער) „מבריקות — שרייבט ער — ומפיקות נוגה כאור" — בזה הלשון שרייבט ער און זאגט ווייטער, אז זי האט א הארץ פון א לייב און זי איז שרעקליכער פון חיות וואס פערצוקען לעבעדיגע ברואים. איז זי, הייסט עס, ווערט די פיהרערקע פון דער שייקע און מ׳ פאלגט איהר ווי סאלדאטען א גענעראל, א שטייגער. און איצט קומט די רעכטע געדיכטע...

חיה שרה

איך הער, איך הער!

רחמיאל

דארף זיך אין די ווייבעל איינליעבען א יונגער מענש, וואס איז א קורצע צייט פריהער צוגעשטאנען צו דער באנדע — אפשר מאקע לשמיה ולשמה צוליעב איהר — און זאגט דאס איהר... ביי זיי איז דאס...

חיה שרה

יע, יע! און זי?

רחמיאל

זי וויל פון קיין זאך ניט הערען און שיקט איהם אוועק פון זיך

מיט א נאָז. מיין בחור ווערט איצט מלא רציחה, אנטלויפט פון דער באַנדע און ענטפערט איבער די ווייבעל אין די הענט פון נאַ־צאַלסטווא.

חיה שרה

פער'משפט,מסתמא, אויף טויט?

רחמיאל

דאַכט זיך אויף דרייסיג יאָהר טורמע... האָב דעם „המגיד“ אין קעסטעל, וועל שפּעטער א קוק טאָן.

(אין פענסטער בעוויזט זיך פייווקע.)

ר' פייוועל האָט זיך צוגעהערט פון יענער זייט פענסטער.

חיה שרה

ער האָט פון קינדווייז אויף האָלד געהאַט מעשיות...

פייווקע

אזעלכע האָב איך ניט געהערט... אָבער אזא מאריע, וואָס רייט אויף א פערד, און איהר לאַנגע קלייד הענגט אראָב, און אויפ'ן קאָפּ האָט זי א ציפּיק עפּעס גאָר ניט קיין ווייבער'שען, מיט א הויכע פעדער א ווייסע... האָב געזעהן אזא פּאטרעט אין שטאָדט.

חיה שרה

וואו האָסטו עס געזעהן?

פייווקע

אין א קראָם ערגיץ. און ווייסטו, נאָכדעם ביי נאַכט האָב איך די רייטערקע געזעהן אין חלום און... ווי איך בין א איד — זי האָט געהאַט דיין פּנים, חיה שרה'לע! — הער! דער טאטע האָט געהייסען ארייַנטראָגען די סכך פון סוכה, צו וואָס דארף ער דאָס? זאָל איך?

חיה שרה

טראָג אריין. ביי איהם געהט קיין זאַך ניט אין ניוועץ. (צו רחמיאל'ן) אזעלכע וואָלט מען ניט געדארפט פער'משפּט'ען... וואָס מיינסטו? ווען מען וואָלט חלילה, ניט אין א־בייזע שעה צו רע־דען, דיר צוגענומען פון מיר, — מיינסטו איך וואָלט געשוויגען? איך וואָלט, מיינסטו, ווי אלע ווייבער געבראָכען די הענט און גע־

יאמערט? געבראכען וואלט איך קעפ! כוח וואלט זיך ביי מיר געפונען, גבורה! אין סימביר וואלט איך נאכדעם אוועק אבער דיר פון מיר וואלט מען איינס־צוויי־דריי ניט גענומען...

רחמיאל

אנטקעגען וואס זאגסטו דאס?

חיה שרה

אנטקעגען גאר נישט. דו וועסט מירצעשעם אייביג זיין מיינער... און מיר דארפען ניט קיין רבנות! די שטאדט איז ניט פאר אונז... ווען איך קום אהין אויף ימים־נוראים, אדער אויף ימים־טובים איז: כסדר — האלט צו דעם נאז! ניין, דא וועסטו זיין, מיין רב און איך'ל זיין דיין רבי'צין און דו'סט פסק'ענען שאלות פאר מיר, מיט'ען טאטען, מיט'ען מילנער, מיט'ען קרעטשמער און א סוף, גענוג! נאטע גענוג! און דו וועסט ביי מיר זיין רויט און געזונד! און אייביגע קעסט וועסטו ביים טאטע'ן עסען, בין סאיי ווי סאיי זיין בת־יחידה. און ספרים וועסטו זיך קויפען און וואס איך קען פערשטעהן מיט מיין ווייבער'שען שכל וועסטו מיר דער־צעהלען... און דו וועסט ביי מיר ווערן שטארק ווי א דעמב און פיין ווי א סאסנע....

רחמיאל

(לאכט) און ווייס ווי א בעריאזע...

חיה שרה

יע, יע, ווייס, אבער ניט בלייך ווי א שטאטינגער איד. ווייס און רויט...

רחמיאל

(וויעדער אין שפאס) דא האב איך אויף איין בוים געזעהן אזעלכע עפעל...

חיה שרה

יע, יע! און זיי זיינען טאקע זאפטיג אויך און ניט צוקראכענע, ניט פאר מענשען אהן ציינער... מי דארף קענען בייסען בדי זיי צו פערזוכען, און קריגען דארף מען זיי קענען, אויב מען וויל ניט ווארטען ביז זיי פאלען אליין אראב... (לאכט) אט אזוי איז דאס,

חכם מיינער! און דאָס וועסטו ביי מיר ווערן. נישקשה, מי קען זיין פרום און געלערנט און דערביי זיין הויך און שעהן און רויט! אין שטאָדט אפשר ניט — דאָ קען מען. קוק אויף פייווקע'ן אונזערען...

רחמיאל

נו, און דו?

חיה שרה

איך וועל זיך לאָזען לערנען... מיינסט, ווייבער האָבען קיין מוחות ניט? מיינסט, מיר ווילען ניט וויסען וואָס אין דער וועלט טוט זיך? אין שטאָדט, זאָגט מען, זיינען שוין היינט דאָ א סך ווייבער קענערקעס, און ווער רעט מיידלעך. איך וועל...

רחמיאל

מען קומט... דער טאטע קומט!

פינפטע ערשיינונג

מיכאל

(מיט כעס, אביסעל איינגעהאַלטען) א מכה! א גרויסע מכה מיט א שעהנעם ווערך, דיר! געטראָפען וועמען צו האַלטען צום נאַרען!

חיה שרה

אויף וועמען בייזערסטו זיך, טאטע?

מיכאל

אויף וועמען זאָל איך זיך בייזערן? א חכם פון שטאָדט וויל מאַכען חוזק פון מיכאל דעם ישובניק. ניט געטראָפען דעם אָרט, ברודערקע!

חיה שרה

טו צו וואָס איז דאָ דער כעס? נוימען קען ער דיר דאָך ניט. וואָלט געגאַנגען, וואָלט געגאַנגען — נעהט ניט, איז רעכט אז ניט; איז יאכלע ניט קיין כלה!

מיכאל

דו פערשטעהסט ניט, מיין קינד, וועל צוריקקומען, וועל איך דיר דאָס אלץ דערצעהלען...

חיה שרה

וואָרום דו פאָהרסט אוועק?

מיכאל

האָב געהייסען איינשפאַנען די פערד. דער עסק איז גאָר, פערשטעהסטו מיך, א חשוב׳ער. פיעל וועגען דעם צו רעדען... אָבער מיר וועט יונה משה־לייזערס ניט...

חיה שרה

אָה! דאָס האָט זיך דאָס זיין פערזעהענים צו מיר אמאָל גע׳שדכנ׳ט, ניין?

מיכאל

אום־הום! ער מיינט, אז ער האָט די מטבעה איז... א שטייגער די וועלט זיינע, די גאַנצע וועלט!

חיה שרה

און ביי דיר איז יעמאָלט דער שידוך כמעט געווען א גלייכע זאך?

מיכאל

האָב דיר פון דעסטוועגען, ניט געגוים...

חיה שרה

מיר נויטען איז נים לייכט. ניט דער סאָרט, טאַטע! אָט קומט די באָבע!

## זעקסטע ערשיינונג

באָבע רויזע

מיכאל! וואו ביסטו, מיכעלע? הא?

מיכאל

וואָרום דו זעהסט מיך ניט? אָט בין איך דאָך, פאַר דיינע אויגען.

באָבע רויזע

וואַרט, איך׳ל אויסווישען די ספּאַקולען.

מיכאל

קומסט פון קרעטשמע?

באָבע רויזע

ווער? איך? הא? יע.

מיכאל

נו, זעץ זיך, מאמע! אָט דאָ זעץ זיך (זי זעצט זיך און פּאַדעט אָרום איהרע ספּאַקולעז).

באָבע רויזע

אָה.... הער, מיכעלע!

מיכאל

נו—ו?

באָבע רויזע

וואָס שפּאַנט מען עפּעס די פערד? דו פאָהרסט דען שוין וויע־דער אוועק? הא?

מיכאל

יע, איך פאָהר. 'סאידאָ א מסחר, קען דערביי שעהן פאַרדיענען. זאָל איך דיר וואָס ברענגען פון שטאָדט?

באָבע רויזע

ווער? דו? ברענגען פאַר מיר? נאָכשאָל זאָלסטו'ס טאָן?

מיכאל

ווי הייסט נאָכשאָל? מחמת דו דאַרפסט...

באָבע רויזע

ווער? איך? דאַרף? וואָס קען איך דאַרפען? גאָר נישט דאַרף איך... סאיידען... יע, אויב דו וועסט ניט פערגעסען, ברענג מיט עטליכע שפּיזלען, האָב איינע פערלאָרען, לאָזען זיך זיין א פּאָאר איבעריגע אין שטוב, אפשר א נייעם פינגערהוט... ניין, לאָז זיין... קען סאיי־ווי־סאיי שוין ניט נייהען, אויגען אַלץ שוואַכער און שוואַכער... און די איבעריגע קליידער ליגען שוין לאַנג אויפגענייהטע.

מיכאל

איבעריגע קליידער! פון וואָס זי רעט? דו האָסט נאָך צייט... ביז לאחר מאה שנים — ווי מי זאָגט. און קנאַפּ ארבעטסטו?

באבע רויזע

ארבעט? ווער? איך? הא? עך־מיר ארבעט! איך זיץ אמאלביין רעדעל. דאס רופסטו אויך אן ארבייט? אויף שונאי־ציון געזאגט געווארען... אבער הער, מיכאל! איך קום פון קרעטשמע...

מיכאל

ווארט א רגע, מאמע! הער, חיה־שרה׳לע, געה, זעה צי איך האב אלץ וואס איך דארף אויפ׳ן וועג. גרייט מיר אן די זיידע.... ווי רופט מען דאס, רחמיאל?

רחמיאל

צידה לדרך, מיינט איהר.

מיכאל

יע, יע! נו, דו ווייסט דאך שוין וואס איך דארף. א לעבעל ברויט, א שטיקעל קאטשקע, עטליכע עפעל, א תפלת הדרך׳ל און מיין טלית־זאק מיט די תפילים. געה טאקע דו מיט איהר, רחמיאל, זעה זי זאל קיין זאך ניט פערגעסען.

חיה שרה

(טוט אויף איהם א קוק — עפעס ווי אויגער זאגט: „ער מולירט, דער טאטע!") קום, רחמיאל, לאמיר געהן. (ביידע אב.)

מיכאל

(צו דער אלטער) מאמע, וואס האסטו געוועלט דערצעהלען?

באבע רויזע

ווער? איך? הא? עפים האב איך טאקע געוועלט דיר זאגען. ווארט! איך׳ל זיך דערמאנען.

מיכאל

דו האסט עפעס געהערט אין קרעטשמע.

באבע רויזע

יע... אין קרעטשמע... הא? ווארט! יע! יע! האט מען דאר־טען גערעט מכוח דעם האיאהריגען נאבאר. האט יונה משה לייזער׳ס געשווארען מיט טויטע שבועות, אז דאס וועט דיר קאסטען טייער... קיין בעל הבית ארום און ארום — אזוי זאגט יונה משה־

לייזער׳ם — קען ניט קויפען קיין... ווי רופט איהר דאס... קיין אכוואטניק חוץ דיר און קהל פעהלט נאך דריטהאלבען נפשות... און זיי, די קהל׳ס-לייט — זאגט יונה משה-לייזער׳ם — ווערען מיט דיר לערנען בלק...

מיכאל

מאמע! דאס אלץ איז ניט ווערט אן אויסגעבלאזענע איי... מיר הערען זיי אין טראק. זיי ווערען פון מיר קיין געלד מיט סטראשונקעס ניט ארויסרייסען. זיי קענען אזוי נעהמען רחמיאל׳ן ווי זיי קענען נעהמען טישקעוויטשעס באלוואנעס.

באבע רויזע

ווער זיינען זיי?

מיכאל

דיין דאגה. איך ווייס אויך ניט. עפעס ערגיץ וואו אין ווילנא געפינען זיך אזעלכע. ניט אונזער עסק. רחמיאל׳ן וועלען זיי ניט נעהמען. די שלאק וועט זיי גיכער נעהמען. די כאלעריע וועט זיי גיכער נעהמען... מיכאל דעם ישוב׳ניק סטראשעט מען ניט. איך פאהר אוועג. זיי וועלען ביז נאכ׳ן פריאם אפילו גאר ניט וויסען וואו איך בין... איצט הער, מאמע. הער! דו הערסט דאך, ניין?

באבע רויזע

זוער? איך? אודאי הער איך. נאכשאל זאל איך ניט הערען? מיין ראיה איז מטושטש, אבער הערען — הלואי ווייטער!

מיכאל

טו הער-זשע! די קינדער טארען ניט וויסען צוליעב וואס איך פאהר אוועג. קיינער טאר ניט וויסען. דאס קען מיר קאסטען פינפהונדערט קארבען מזומנים. איך האב ניט קיין זיהן. דאס איז גזל׳אוואיי! דאס איז קוילען אהן א חלף, מאמע! און איך זאג דיר, זיי סמייען ניט איהם צו נעהמען. זיי סמייען ניט, א ניכפה זאל זיי פערצאפלען! אבער דו שוויג. ביי די קינדער וועט רעדט זיין די לעצטע פרוטה אוועקצוגעבען אבי זיי זאלען קיין ביסעלע שברי-לב ניט האבען. דערפאר, מאמע, שטיל ווי א קאטינקע. ניט גערעט!

באָבע רויזע

נאָכשאָל זאָל איך רעדען? איי, דער נאַבאָר? אויף דעם ווייגט מען דאָך שוין צו די ערסטע סליחות... וואָס קען איך שוין אויפ־טאָן מיט מיין רעדען? איך שווייג... ער, העגד ניט געוואשען, איז גערעכט, און זיין משפט איז גערעכט. איי וואָס? יונה משה־לייזער'ס? האָסטו דאָך מיט איהם אליין גערעדט... צי ער קען, צי ער קען ניט, ווייסטו אודאי בעסער.

מיכאל

אַט אזוי רייד! זיי וועלען ביי מיר בלייבען מיט א נאָז. איך לאָז זיך ניט איינשרעקען. טו געדענק זשע. זיי קומען צוריק... איך פערלאָז זיך אויף דיר.

## זיעבעטע ערשיינונג

חיה שרה

אַלץ פּארטיג. אין וואָגען איז דאָ אַלץ וואָס דו קענסט בעדאַרפען. פאָהר און מאך גוטע מסחרים.

באָבע רויזע

איי, טאטע גרויסער! (זי ברעכט אויס אין א שטילען געוויין.)

חיה שרה

(טוט אַ קוק אויפ'ן פאָטער) באָבינקע, וואָס איז דיר? וואָס איז דאָס מיט אמאָל, טאטע? זי ווייגט דאָך קיינמאָל ניט ווען דו פאָהרסט אוועג.

באָבע רויזע

(שלוכצענדיג) דער נאַבאָר! די אידישע... די אידישע עופ'עלעך...

מיכאל

אין נאַבאָר־צייט דערמאָגט זי זיך אָן אמאָליגע צייטען בעת מען פלעגט נעהמען עופ'עלעך קליינינקע, ציטעריגע...

באָבע רויזע

פייגעלעך פון נעסט ארויס... בגנבה פלעגט מען זיי נעהמען, מיט

געוואלד, מיט... מיט... מיט — איי, וועה איז מיר! (זי וויינט זיך ווידער שטארק פאנאנדער.)

חיה שרה

ניטע, באבינקע! וויין ניט! גענוג. (קורצע פויזע, די אלטע ווערט אביסעל רוהיגער.)

מיכאל

הער, רחמיאל! האסט דאך עפעס געוואלט מיר דערצעהלען וואס אין דעם מגיד דיינעם איז געשטאנען! אדרבה, דערצעהל!

רחמיאל

שטעהט דארטען א סך זאכען. אט, למשל, דרוקט זיך דארטען א ידיעה פון ענגלאנד... דאס איז א גרויסע מלוכה וואס האט א ממשלה איבער'ן ים און איבער דער יבשה... איז דארטען א איד געווארען א שופט, א סודיא אין א פאלאטא!

מיכאל

גיה, גיה — דאס קען ניט זיין!

רחמיאל

זיי װעלען קיין ליגען ניט דרוקען. ס'איז אפילו דא דער נאמען זיינער: דזשעסעל הייסט ער און דאס איז טאקע דער ערסטער איד וואס האט זוכה געווען צו האבען אזא גדולה...

מיכאל

האט ער זיך מסתמא גע'שמד'ט!

רחמיאל

דוקא ניט! געבליבען א איד מיט אלעמען צוגלייך. איי דער נאמען? איז דאס ניט קיין נאווינע! א סך אידישע נעמען זיינען גענומען געווארען פון אומות העולם, נאך אין די אלטע צייטען, און די חכמים פון תלמוד אליין האבען געהאט גויעשע נעמען. ר' טרפון, כאפט אייך אן...

מיכאל

נו, און וואס נאך שטעהט דארטען?

רחמיאל

א מאלע וואס? פרעגט, וואס ניט? אט, למשל, ווערט דארטען

געמאָלדען, אַז דער קיניג פון איטאַליע פאָרט איבער עסטרייך קיין בערלין. בערלין, דאָס איז אויף'ן טייטשעשען בוידעם... פון דאָרטען נעהמען זיך ביי אונז די בערלינטשיקעס, די היינטיגע. נאָר דאָס איז ניט אַהין, ניט אַהער. שרייבט מען, אַז אַהין פאָהרט דער קיניג פון איטאַליע, כדי זיך צו זעהן מיט'ן טייטשען קיסר, איז דער קיסר אָבער גראָד אַליין איצט אין עסטרייך, אין די בעדער, טרעפט מען זיך מיט איהם דאָרטען און ביידע פאָהרען זיי צוזאַמען קיין בערלין, וואו מי פראַוועט פאַר'ן מלך פון איטאַליע אַ גרויסען קבלת־פנים. משמעות, וועט דאָרטען, אין בערלין, פערשטעהט איהר, געשלאָסען ווערן אַ בונד צווישען די אַלע דריי מלוכות, כדי אַז, ווי דער פסוק זאָגט, פּן תקראנה מלחמה, זאָלען זיי דריי מאַכען יד אחת אַנטקעגנען דעם שונא.

### מיכאל

און דאָס אַלץ ווייס עס אַט די... ווי רופסטו עס... די צייטונג דיינע? אַ ציקאַווע זאַך! און ווי? שרייבען זיי עס טאַקי אויף לשון קודש?

### רחמיאל

אודאי אויף לשון קודש! — אָה! די באָבע איז איינגעשלאָפען!

### מיכאל

נו, מסתמא פערשטעהען עס האָך טאַקע אידען, אַז מי דערלאַנגט זיי אַזאַ מין פּאַפּיער, ווי איינער זאָגט: אַט לייען און ווייס, וואָס עס טוט זיך ביי די קייזאָרים מיט די קייזערינעס, מיט די אידען אין די סודעבני פּאַלאַטעס! און וואָס ניט! אַ קלוגע וועלט געוואָרען: אַ בעלנות, פון דעסטוועגען, דאָס צו רופען אַ מגיד! אַמאָל פלעגט אַ מגיד זיין אַ זאָגער!

### סטעפאַנקע

(פון יענער זייט פענסטער) חאַזיאַאין! קיענסט פאָהרען! אַלץ פאַרטיג, פיערד איינגעשפאַנט.

### מיכאל

נו, געהען מיר! (הויבט זיך אויף און זעצט זיך צוריק אַוועג אויף

א מינוט) אז דער אויבערשטער וועט געבען וועלען מיר מאכען גוטע געשעפטען. אויפ'ען נייעם יאהר. זייט מיר אלע געזונט.

רחמיאל

פאהרט געזונטערהייד, שווער!

מיכאל

און טאמער דערגעה איך אזש קיין ריגע, ברענג איך מיט שעהנע גאסטינצעס, אם ירצה השם, פאר אלעמען, פאר אלעמען!

חיה שרה

ניט נויטיג, קום דו נור צוריק געזונטערהייט!

מיכאל

נו, זייט זשע מיר אלע געזונד — דו, בת־יחיד'קע מיינע, און איהר אלע! רחמיאל, דער מגיד דיינער, א ציקאווע זאך! (אב.)

באבע רויזע

(כאפט זיך אויף אינ'ם טומעל) אוועג מיכאל?

חיה שרה

ער זעצט זיך אויפ'ן וואגען, באבע. זאל איך איהם אריינרופען?

(באבע רויזע שאקעלט מיט'ן קאפ: ניין.) אט פאהרט ער ארויס...

חיה שרה

(רוקט זיך צו נאך נעהנטער צום מאן) הער, רחמיאל, מיר האבען פריהער גערעט ארום אונזער לעבען, אונזערביידענ'ס לעבען... איך זאג דיר, א ווייב קען אויך זיין א מענש... דו קענסט מיר מאכען פאר א קענערקע און איך וועל דיר מאכען פאר א גבר, פאר א געזונדען, פרישען, שטארקען מאן. און די רבנות דארף מען ניט... איך וויל ניט זיין קיין רב'עצין... און דו דארפסט ניט זיין קיין צוקראכענער רב'על... און לעבען מיר וועסטו זיצען... אזוי לאנג ווי מיר ביידע זיינען צוויי... לעבען מיר דורך די לאנגע ווינטער אווענדען, נאך א גוטען שפאציער אויף א שליטעל. און איך וועל אויסטאן די פאטשיילקע פונ'ם קאפ און וועל פאנאנדערוואר־פען מיינע שווארצע, לאנגע האאר און דו וועסט האבען פולע הויפענס צו שפיעלען זיך... און לערנען וועסטו מיט מיר און

איך וועל דיר צאָהלען מיט א פולע האַנד... איך וועל דיר אויפ־עסען, זיסינקער. גוט וועט אונז זיין!

רחמיאל

נו, און ווען עס וועט קומען דער נאָבאָר (באָבע רויזע לעגט צו די האַנד צום אויער) און ווילדע חיות וועלען קומען און פערצוקען אידישע נפשות ארום אונז... און מי וועט נעמען קינדער פון טאַטעס, טאַטעס פון קינדער... און הערצער פון אידישע מאַמעס וועלען ארום אונז געבראָכען ווערען איינע נאָך די אַנדערע... וואָס וועלען מירביידע טאָן? זאָג, חיה'לע!

חיה שרה

איך ווייס ניט, אָבער רייד, רייד! נאָך — נאָך!

רחמיאל

דו פערשטעהסט, מיין ווייבעלע, וואָס א נאָבאָר בעטייט ביי אידען? דו...

באָבע רויזע

(פלאַצט אויס מיט א שרעקליכען געוויין.)

פאָרהאַנג.

## צווייטער אַקט

די פאַרהויז אין מיכאל גריק'ס הויז. פון ביידע זייטען זעהט זיך אַ טהייל פונ'ם דאָרף: אין הינטערגרונד לינקס אַ ווינדמיהל, רעכטס אַ קוזנע; טיעפער אַ קרעטשמע. — ערגיצוואו הינטערן הויז הערט זיך פון צייט צו צייט אַ הונד וואָס בילט, שטעהענדיג אויפ'ן קייט און אַנדערע הינט וואָס רופען זיך אָב. — אין מיטען סצענע זיצט באָבע רויזע ביי אַ רעדעל און שפּינט, בעת־מעשה זינגענדיג מיט טרערען אין קול אַזוי ווי פאַר זיך. — עס איז אַרום פיער אַזייגער נאָך האַלבען טאָג.

### ערשטע ערשיינונג

באָבע רויזע
(זינגט:)

„איידער צו טראָגען יאָוואַנקע'ס צלם
„בעסער צו זאָגען אַ — אדון עולם!
„איידער צו טראָגען יאָוואַנקע'ס קליידער,
„בעסער צו לערנען ביין רבי'ן אין חדר!"

איי, אַ חורבן, אַ פינצטערער! (טוט אַ זיפץ און אַ דרעהט מיט'ן רעדעל.)

(עס רייסט זיך איבער דער פלאַקס־פאָדים, וואָס זי ציעהט מיט די פינגער.) איי, וועה איז מיר! אוודאי אַ בייזער סימן! איי, אויף שלעכטס, לויטער אויף שלעכטס ווייזט דאָך אַלץ אין אַזעלכע צייטען! (מאַכט צורעכט דעם פאָדים און זינגט ווייטער:)

„איידער צו עסען יאָוואַנקע'ס קאַשע,
„בעסער צו לערנען חומש מיט רשי!"

איי, וועה איז מיר! (זיפצט זיך אָב און זינגט:)

„איידער צו טראָגען יאָוואַנקע'ס היטעל,
„בעסער צו זאָגען תהלים אַ קאַפּיטעל."

(מוט נאך א האסטיגען דרעה מיט'ן רעדעל; אין טיר ליגקס בעווייזט זיך פייווקע.)

פייווקע

נאט העלף, באבע!

באבע רויזע

(שאקעלט צו איהר ענטפער און זינגט ווייטער:)

„איידער צו טראגען יאוואנקע'ם שווערד,

„בעסער צו ליעגען צעהן קלאפטער אין דר'ערד!"

(מוט ווידער א זיפץ) איי, וועה איז צו מיינע יאהרען!

פייווקע

הערט, באבע רויזע! מי זאגט, איהר געדענקט נאך דעם ערסטען נאבאר...

באבע רויזע

וואַ—אם?

פייווקע

אז איהר געדענקט ווי מי'ט אנגעהויבען נעהמען אידישע זעלנער.

באבע רויזע

ווער? איך? הא? יע, איי, וועה איז צו מיר! נאכשאל זאל איך פערגעסען?

פייווקע

ווי אלט א שטייגער זייט איהר יעמאלט געוועזן?

באבע רויזע

(הערט ניט, האט דערווייל גענומען שפינען, אבער לאנגזאם.)

פייווקע

באבע!

באבע רויזע

נו—ו!

פייווקע

ווי אלט, מעלט איך, זייט איהר געוועזן ביין ערסטען נאבאר?

באָבע רויזע

ווער? איך? האַ? פרעג מיך אַ גרינגערע זאַך. (פערטראַכט זיך, דאַן זינגט זי מיט אַ האַלבען מויל:)

„איידער צו טראָגען יאַוואַנקע׳ס שווערד,
„בעסער צו ליעגען צעהן קלאַפטער אין דר׳ערד!"

איי, איי, איי!

פייוועקע

ווייסט איהר, באָבע? אַט יונה דער בעקער... ער מאַלט ווייץ ביין טאַטען... אַנוסטען זאָגט ער אונז, אַז פון פעטערבאָרג קומט אין גיכען אראָב אַן אוקאַז, אַז מ׳ זאָל מעהר ניט כאַפּען קיין נעקרוטען.

באָבע רויזע

טאַטע, גרויסער! פון זיין... פון יונה׳ס מויל אין דיינע אויערן אריין!

פייוועקע

באָבע רויזע! ׳ר פערשטעהט ניט... מ׳ וועט קיין ־עקרוטען ניט כאַפּען מעהר, אָבער איטליכער וועט מוזען געהן אין סלוזשבע אריין.

באָבע רויזע

ווי הייסט איטליכער? רחמיאל׳ינקע, חס ושלום, אויך?

פייוועקע

איטליכער איבער צוואַנציג. רחמיאל ניט, קלער איך. איהם...

באָבע רויזע

יע, יע! אודאי... איהם ניט, מחמת...

פייוועקע

מחמת ער... ער קען פאַר׳ן אוקאַז נאָך זיין אַ זעלנער.

באָבע רויזע

אַ פּיפּעץ דיר אויפ׳ן צונג, דו שייגעץ איינער!

פייוועקע

(ווי ניט איהם מיינט מען דאַס) הערט, באָבע!

באָבע רויזע

׳ך הער, נו?

פייווקע

ווייסט איהר, ועמען ז׳האָבען געדארפט אָבגעבען?

באָבע רויזע

וואָס דולסטו מיר א מח?

פייווקע

זיי האָבען געדארפט אָבגעבען חיה־שרה׳לען!

באָבע רויזע

חיה־שרה׳לען? פאַר וואָס? פאַר א זעלנער? ביזט משוגע, שכור צי חסר דעה! ווי הייסט... חיה־שרה׳לען?

פייווקע

מעהר מאנסביל פאַר רחמיאל׳ן... באָבע! חיה־שרה׳לע איז אייך א בריה א ווייבעל, א כוואַטסקע נקבה, פייער און פלאַם איז זי אייך! אַה, באָבע! וואָס ווייסט איהר ווער זי איז! פרענגט אייך בחרם. חיה־שרה׳לע דאָס קען אייך קלעטערען, באָבע, קלע־טערען ווי א קאַץ און שפּרינגען ווי א... ווי א קראַליק...

באָבע רויזע

להבדיל, זאָג, להבדיל, לויז מויל, דו!

פייווקע

און, באָבע! חיה־שרה׳לע קען אייך טרייבען א טראַייקע פון די בעסטע פּאָטשט־פערד, קען זיך שטעלען אנטקעגען דעם אסעסאָר מיט אַלע דעסיאַטניקעס. און באָבע!

באָבע רויזע

׳ך הער, וואָס מינטערסטו מיך!

פייווקע

טו הערט־זשע! דעם דיענסטאָג פאַר איהר חתונה איז זי אייך ארויפגעקלעטערט אויף דעם דעמב וואָס ביי דער קרעטשמע... איך בין געשטאַנען אונטען... באָבע... איך בין, דאכט זיך, ניט קיין טרוס, אָבער דער צווייג האָט עפּעס אזוי ווי א קרעכץ געטאָן, האָט זיך מיר געדאכט, אָט־אָט צוברעכט ער זיך און זי פאַלט, חלילה, אראָב...

באָבע רויזע

גענוג דיר מאַהלען, לויז מויל! איך האָב פון דיר שוין אַ לאָך אין קאָפּ...

פייוועקע

האָב געמיינט, הייסט עס, אַט־אַט פאַלט זי... און מיר איז די הארץ איינגעפאַלען פאַר שרעק... און, באָבע, הערט, ווי איך בין אַ איד...

באָבע רויזע

שווער זיל ניט, דו, פינפערנאַטער דו, הערסט?

פייוועקע

באָבע, ווי איך בין אַ איד, האָב אויסגעשטעלט די הענט איהר אונ־טערצוכאַפּען טאָמער פאַלט זי, חלילה...

באָבע רויזע

אונטערכאַפּען? מיט די הענט? ווער? דו? הא? טפו, ניט געדאַכט זאָל דאָס ווערן!

פייוועקע

'ך וויים, פּטור־נו, 'ך וויים! צו שווער... וואָלט מסתמא געפאַלען מיט איהר אין איינעם, אָבער אַלץ, קלער איך, אַט צוברעכט מען זיך אַ פּוס ביי אזא מין פאַל... וואָלט דאָס אפשר ניט געווען איהרער... נור קלעטערן! ניטאָ קיין צו הויך פאַר חיה־שרה'לען! (פויזע. ער כאַפּט אָב דעם אָטהעם.) הערט, באָבע!

באָבע רויזע

שוין ווידער! פּגע־רע, וועסטו מיר אויפהערען צו באָבענען!

פייוועקע

הערט, באָבע! איז דאָס אמת, וואָס מע זאָגט?

באָבע רויזע

וואָס, קלעק?

פייוועקע

איז דאָס אמת, אז ווען הינט נעהמען סקאַוואַטשען קומט דער מלאך המות אָן?

באָבע רויזע

(אין אַ ווייבערען טאָן) אמת, פּייווקע, אמת! רחמיאל האָט'ס נאָך נעכטען געזאָגט...

פּייווקע

און, ווי זינגט איהר, באָבע? (ער פּרובט איהר נאָכמאַכען):
(פערהיקעט זיך) ווי זאָגט איהר באָבע? „בע־ע־סער צו ליעגען"...

באָבע רויזע

(פערבליפּעט זיך און זינגט כמעט וויינענדיג)

„איידער צו טראָגען יאָוואַנקע'ס שווערד,
„בע־סער צו ליעגען צעהן קלאַפּטער אין דר'ערד!"

אַ סך, אַ סך גלייכער, טאַטע בארמהאַרציגער... איידער די כאַפּערס...
(איהר קול ווערט דערשטיקט אין טהרערען).

## צווייטע ערשיינונג

(אונבעמערקט פון זיי קומט אַריין רחמיאל, זיך ווישענדיג די הענט מיט אַ פאַציילקע און עפּעס מאַכענדיג מיט די ליפּען.)

פּייווקע

גלייבער דער מלאך־המות?

רחמיאל

(קומט נעהנטער) וואָרום ווי האָט דוד המלך געזאָגט צו גד דעם נביא, פּייווקע? נפּלה נא — מאַכט ער — לאָמיר אריינפאַלען ביד אדשם — אין זיינע הענט, כביכול — וביד אדם אל אפּולה — אָבער אין מענשענ'ס הענד ענטפּער מיר ניט איבער... האָסט שוין געדאַווענט מנחה, פּייוועלע?

פּייווקע

(רעדט פאַר זיך איבער מיט געפיהל, כמעט אין דעמזעלבען טאָן ווי רחמיאל:) וביד אדם אל אפּולה! אָבער אין מענטשענס הענט ענטפּער מיר ניט איבער... מנחה? וואָס איז די איילענים?

רחמיאל

שוין לאַנג זינט דו ביזט בר־מצוה געוואָרען?

פייווקע

שוין באלד דריי יאָהר, ניין? צו וואָס פרעגט איהר דאָס?

רחמיאל

אייך, יונגוואַרג, איז גוט. איי, איז אייך גוט! דער נאַבאַר שרעקט אייך ניט, דער שד נעהמט אייך ניט; דעם עול־תורה פיהלט איהר ניט. קיין עול־מלכות האָט איהר ניט. אָט זעהסטו, פייווקע? לאַנג ביזטו שוין בר־מצוה געוואָרען. דער יאָך פון אידישקייט איז אויף דיינע פּלייטשעס, דער טאַטע האָט אַ ברוך שפטרני גע־מאַכט צו זיין הייליגען נאָמען... דו זינדיגסט איצט, ברודערקע, שוין אויף דיין אייגענעם חשבון און פונדעסטוועגען איז נאָך ביי דיר דערווייל אַלץ ווי געווען: דו פיהלסט ניט דעם יאָך, דו שטיפסט, דו לויפסט, דו לאַכסט אויפ'ן קול... דיך אַרט דעם טאַטענ'ס פּראַצע ניט מעהר, וויפיעל איהם אַרט די אַרבייט פון זיינע מיהלשטיינער, וואָס געהען כסדר... געהען און טרעטען און מאַהלען... אָט דרעהט עס זיך, און עס מאַהלט זיך, עס זיפּט זיך, עס שיט זיך, און מעהל ווערט... און ברויט ווערט... הייסע בולקע־לעך, און יונגוואַרג עסט, יונגוואַרג שטאָפּט זיך... קיין וויב האָט דאָס ניט, קיין זאָרג האָט דאָס ניט.

פייווקע

(זיך אויפכאַפּענדיג ווי פון שלאָף) הערט, רחמיאל! אַז חיה־שרה'לע לאָזט אין אייך אַריין איהרע גרויסע אויגען... איהרע גרויסע שוואַרצע אויגען, נעהמט אייך, אַ שטייגער, ניט אָן אַן אימה?

רחמיאל

(קוקט איהם אָן פערוואונדערט) קיין אַנדערע רעיונות האָסטו משמעות גאָר ניט, דו שנעקוץ דו!

פייווקע

הערט, רחמיאל! איך בין ניט קיין טרוס, ניט איך! הלואי בין איך אין אייערע יאָהרען און 'סקומען די כאַפּערס... איהר וואָלט געזעהן... 'ך וואָלט זיך אסור בעהאַלטען. מאַלאָ וואָס סטעפּאַנקע דערצעהלט, אַלץ געוועזן אַמאָל. גאָר שפּיצרוטענעס, זאָגט דער

טאטע; מ׳שמייסט שוין ניט מעהר. ניטא אמאליגע צייטען. האב גלאט קיין מורא ניט...

רחמיאל

אזוי, מיין כוואט! און עסען פון קעסעל! און די קאזארמע מיט׳ן ריח פון מאכארקע, מיט׳ן לעבען צווישען שונאי ישראל... מיט שטורכעם אין זייט, מיט זשיד־פארך א גאנצען ליעבען טאג אין די אויערן... און דריי פעייאים שכירות, און אלע ווײלע א מלחמה מיט׳ן טערק... און זיך דערדיענען, ווי זאגט סטעפאנקע? דעם הויכען טשין פון סוקין סין... ווייל דו ביסט ניט מעהר ווי א איד, פערשטעהסטו? איהר, יונגע לצים, רעט... „האב גלאט קיין מורא ניט״!

פייוזקע

ניין, קיין מורא ניט, רחמיאל; פאר קיין זאך ניט. אבער פאר חיה־שרה׳ס קוק ווער איך אמאל א צוציטערטער. און, דאכט זיך, וואס?

רחמיאל

דאכט זיך, נאז! חולם־נאז, זאג איך דיר! גנעה, שנעקוץ, דאווענען מנחה. חיה־שרה איז איצט שוין א ווייבעל און דברים אחרים מיט דיר צוזאמען האט זי פריהער אויך ניט געפיטערט.

פייוזקע

(אזוי ווי ער וואלט גאר ניט אונטערבראכען געווארען) דאכט זיך גארנישט, הא? אבער אין איהרע אויגען... אין איהרע... אויגען, רחמיאל, אין איהרע שווארצע אויגען... פערשטעהסט איהר, איז... איהר ווייסט האך מסתמא וואס איך מיין...

רחמיאל

דו רעדסט פון היץ.

פייוזקע

זי קוקט אייך, א שטייגער אן, און אייך ווערט עפעס ווארעם אין בוזים... הערט, רחמיאל! בעת איך בין נאך געווען גאר א ברעקעל־איינגעל, אין ברייטע מייטקעס, און זי איז נאך געווען א מיידעל א יאהר פונפצעהן, און מיר האבען געלערנט ביין מלמד, וואס

מי׳ט געהאלטען פאר איהר... און מיר פלעגען פארנאכט זיך א
לאז טאָןביידע אין וואלד אריין איידער ס׳פלעגט פינצטער ווערן...
און זי פלעגט מיר אזוי אָננעהמען פאר׳ן האנד (ער טוט עס צו
רחמיאל׳ן און רחמיאל טוט אַ שפרונג פון אָרט) אַיי, רחמיאל!

רחמיאל

באָבע־רויזע, וואָס וויל ער פון מיר, דעם מילנער׳ס קדיש?

באָבע רויזע

(זי כאַפּט זיך אויף פון שלאָף) ווער? ער? הא? אדרבה פרעג
איהם.

פייוועקע

הערט, רחמיאל! אייך איז גאָרנישט... אַז זי נעהמט אייך אָן
פאר׳ן האנד? הא? און, רחמיאל, און אַ שטייגער זיי, די
כאפּערס, קומען נאָך אייך, און זיי נעהמען אייך, און טוען אייך
אָן סאָלדאַטסקע קליידער...

באָבע רויזע

דעם צונג ביים אָב, דו שטיק סאדלע...

פייוועקע

נו, און איהר געהט אוועג, ווייט, ווייט פון איהר, אהין, אין מרחקים
אוועג... אין טיעף־ראסייע, וואו סטעפּאַנקע איז געווען... וואָס,
אַ שטייגער, וואָלט איהר טאָן אָהן איהר, אָהן חיה־שרה׳לען, הא?
(פון גאַנץ ווייט דערהערען זיך הינט בילענדיג)

דאָס וויינען הינט. איך ווייס ווען זיי לאָבען און ווען זיי וויינען.
דאָס זיינען דערשראָקענע הינט. ׳ס קומט דער מלאך המות אָן
אין דאָרף, ניין, רחמיאל? (פאר זיך) ער, אָדער וועלפקע...

רחמיאל

באָבע־רויזע, וואָס וויל ער פון מיר? זאָגט, וואָס וויל ער!
(אין טיהר בעווייזט זיך סטעפּאַנקע. ער גיט פייוועקען אַ וואונק.
שנעל לויפט ער צו איהם צו, אוןביידע געהען האסטיג אַרויס.)

רחמיאל

אוועג! באָבע, ער איז אוועג... נישקשה פון ווילדקרויט וואקסט

דאָ ביין מיהל ביי איך! (פּויזע.) באָבע רויזע, האָט איהר געזע־
הען חיה־שרה׳לען נאָכ׳ן אָנבייסען?

באָבע רויזע

ווער? איך? האָ? יע. סמאַייעט עפּעס ארום דעם גאַנצען
טאָג. רעט נימ. עסט נימ. אפשר איז דאָס אמת — אַ קשיא
אויף אַ מעשה!

רחמיאל

אמת? וואָס איז אמת?

באָבע רויזע

שרעק זיך ניט, מיין קינד... אין האָלאָזעם... דאָ ניט ווייט... אָן
אומגליק אביסעל! פון דאָס נייע די אָסנאָווע איבערגעריסען!
(זי פּאָדעט ארום די פלאָקס אויפ׳ן שפּינדעל.)

רחמיאל

(אונגעדולדיג) וואָס דאָ ניט ווייט, באָבע?

באָבע רויזע

וואָס דאָ ניט ווייט? טאַקע וואָס? יע, דאָ ניט ווייט, אין האָ־
לאָזעם, זאָגט פּייווקע, זוכט מען פון נעכטען אָן אַ בחור... וואָס איז...
ווי זאָגען זיי? וואָס איז זאַטשיסלעט אין היינטיגען נאָבאָר... אין
די זעקס־אַ־האלב נפשות, וואָס דער פּאָוויעט דאַרף געבען אונ־
זערער.

רחמיאל

אפשר... אלא וואָס? זי וואָלט מיר געזאָגט? אָיי, באָבע קרוין,
איז מיר ביטער! חיה־שרה׳לע איז פון עטליכע טעג גאָר ניט די
זעלבינע... גאָר ניט די בריה מתמול־שלשום. מיר ווערט שרעקליך
ווען איך דערזעה איהר... מיין הארץ קלאַפּט ווי מיט האמערס...
(ביי באָבע רויזען שטעלט זיך אָב דער רעדעל, דער שפּין־פאָדים
פאַלט איהר ארויס פון דער האַנד, און זי ווערט האַלב איינגע־
שלאָפען. רחמיאל רעט איצט מעהר צו זיך ווי צו איהר.)

רחמיאל

חיה־שרה׳לע טראָגט זיך ארום מיט אַ סוד, מיט אַ שרעקליכען סוד
אין בוזים. עפּעס רעט זי מיט מיר מיט אַזוי פּיעל זיסקייט,

מיט אזא מרה־שחורה׳דיגע מתיקות, גאָר ניט ווערליג נאָך איהר
טבע נאָך. זי האַלט מיך נאָך מעהר ווי פריהער פאַר א נעבעכיל,
א שוואך בעשעפּינעס... אפשר, ווער ווייס? אפשר קלייבט מען
זיך דאָס טאַקע צו מיר? אפשר..

באָבע רויזע

(זינגט, ווי דורכ׳ען חלום, מיט א פערשלאָפענעם, שטילען, שוואַכען
קול, מיט האַלבע ווערטער:)

„איי... ער... או... טראָ... יאָוואנ...עס צלם

„בעסער.. או... אַ... ו..."

(לאָזט אראָב דעם קאָפּ, און איינגעשלאָפענע.)

רחמיאל

(אין דעמזעלבען טאָן)

„איידער צו טראָגען יאָוואנקעס שווערד,

„בעסער צו ליעגען צעהן קלאַפטער אין דר׳ערד."

## דריטע ערשיינונג

(אין טיהר בעוויזט זיך חיה־שרה, הינטער איהר פּייוועקע מיט
אַן ערנסטען פּנים. רחמיאל בעמערקט זיי ניט.),

חיה שרה

בעדענק־זשע, פּייוועלע! אזוי גיך ווי דו זעהסט זיי אַן ערך פאַר
א וויאָרסט פון דאנען דערלאַנגסטו א סוויסטש איינמאַל, צוויי
מאָל, דריי מאָל. שטעה אָבער גאָר אויבען.

פּייוועקע

פערשטעהט זיך. הויך שטעה איך אויף דעם דאָזיגען דעמב, דו
בעדענקסט? אויף דעם סאַמע דעמב... נאָך דאָ פיעל בלעטער, זיי
וועלען מיך פערשטעלען...

חיה שרה

(ווייזט איהם אויף רחמיאל׳ן) רייד ניט אזוי הויך.

פּייוועקע

(א ביסעל ניעדריגער) קען זעהן ווייטער ווי א וויאָרסט. וועל זיי

דערקענגען. און, חיה־שרה׳לע! געדענקסט די וויצקע דו האָסט ל״ג בעומר פאַר מיר אָבגעשניטען? האָב דערפון אַ פייפעל געמאַכט. לעג זי צו צו די ליפּען... (ער פאַסמאַקעוועט זיך.)

חיה שרה

נעה, מאַך זיך ניט נאַריש! (ער געהט.) רחמיאל! (ער טוט זיך האַסטיג אַ כאַפּ) וואָס ביזטו אַזוי פערטראַכט? קום אַהער, זעץ זיך דאַ לעבען מיר, אויפ׳ן באַנק... לאָמיר רעדען שטיל: באָבע רויזע האָט איינגעדרעמעלט.

רחמיאל

איז דאַ ניט געוועזען פייוועקע ווייעדער? האָב עפּעס ווי דורכ׳ן חלום זיין קול געהערט.

חיה שרה

יע, האָב איהם געשיקט אַ גאַנג. וואָרום וואָס?

רחמיאל

זעהסטו, חיה־שרה׳לע? זיי איז בעסער ווי אונז: איהר און איהם. באָבע רויזען, מיין איך, און פייוועקען. צום האָבען דאגות איז זי, זאָל געזונד זיין, שוין צו אַלט, און ער נאָך צו יונג... ווייסטו? פייוועקע... ער דרעהט זיך דאַ אַרום דעם גאַנצען טאָג היינט... פייוועקע האָט מיר עפּעס געזאָגט וואָס איך האָב אין פלוג געדאַרפט אַליין וויסען בעסער ווי ער. גערעט האָט ער וועגען דיינע אויגען און... עפּעס איז דער זאָג זיינער מיר געווען אַ נייער. דו ווייסט, חיה־שרה׳לע, אַ גמרא איז דאַ אין תענית, אַז ווען אַ כלה האָט שעהנע אויגען דאַרף מען שוין ווייטער ניט קוקען.

חיה שרה

נעה, נעה, נאַרעלע מיינער, אָבער וואָס מיינסטו מיט׳ען תענית?

רחמיאל

(שמייכעלט אונטער) תענית? דאָס איז די מסכת תענית, אַזאַ ספר אין ש״ס, אַ גמרא אַזוינע. נאָר דו האָסט ניט פיעל געלערנט.

חיה שרה

(סטאַרעט זיך אויך צו שמייכלען) אָה, איך קען דאַוונען אין אַ סדור ווי אַ מאַנסביל. (פאַר זיך) טאַטע־פאָטער, ווי הויבט מען אָן מיט

איהם צו רעדען? (הויך) פּייווקע'ס טאַטע קען אפילו דאָס אויך ניט. צווישען אייך, מאַנסבילען, וואַרפען זיך אויך דורך אַלערליי.

רחמיאל

ווי זאָגט יענער? ווען ניט די ווערעמדיגע, וואָלט מען ארבעס ניט געדאַרפט קלייבען...

חיה שרה

אודאי! אָבער (מיט אַן אָנשטרענגונג) הער, איך מוז דיר עפּעס זאָגען...

רחמיאל

(דערשראָקען) חיה־שרה'לע! וואָס א י ז מיט דיר? עפּעס ציטערט היינט דער קול דיינער... וואָס אזוינס קענסטו מיר האָבען צו זאָגען, אז דו...

חיה שרה

גאָרנישט, גאָרנישט! בין עפּעס, ניט פאַר דיר געדאַכט, ניט אין גאַנצען.

רחמיאל

דו זאָגסט, דו מוזט מיר עפּעס זאָגען... דו מוזט... וואָס קען דאָס זיין?

חיה שרה

אָט טאַקע, אז דיין גבור'טע איז ניט אין גאַנצען...

רחמיאל

אפשר...?

חיה שרה

דאַכט זיך, נאָך ניט. באָבע רויזע זאָגט, כל זמן עס נוריעט ניט און מע ברעכט ניט איז א סימן...

רחמיאל

אז, הייסט עס, גאָר ניט... אָבער אין דיין קול הערט זיך אַנאַנדער... ווי זאָל איך דיר זאָגען... 'ס קלעבט זיך ביי מיר היינט עפּעס אויך ניט א וואָרט צו א וואָרט... הער, חיה־שרה'לע!

חיה שרה

(נעהמט איהם אָן ביי דער האַנד) יע, מיין זיסער...

רחמיאל

חיה־שרה'לע, דו ווייסט, מיר טוט באנג וואָס דיין פּאָטער איז גראָד איצט אין שטאָדט — אַזוי ווייט פון אונז. פאָהרט ער דאָס אַלע יאָהר אַוועג נאָך ימים־טובים?

חיה שרה

נ... ניין, אָבער הער...

רחמיאל

טו פאַרוואָס עפּעס האַי יאָהר?

חיה שרה

איך וויים ניט... הער וואָס איך'ל דיר זאָגען.

רחמיאל

וואַרט אַ ווייליגקע, חיה־שרה'לע... האָט זיך קהל מיט איהם ניט געזעהען פאַר'ן אַוועקפאָהרען זיינעם?

חיה שרה

קהל? דאַכט זיך, אַז ניט.

רחמיאל

אימיצער איז נאָך... נאָך סוכות געווען אין קרעטשמע... אַ שטאָטי־גער בעל־הבית, און דער שוועהר האָט זיך מיט איהם, דאַכט זיך, געזעהן...

חיה שרה

קען זיין, אָבער הער... מיר ווילט זיך מיט דיר רעדען... געדענקסטו, ווען דו ביסט פאַר־אַ־יאָהרען אהער געקומען צו מיר? חתן־ווייז? דער טאַטע האָט דיך געבראַכט צו מיר, כלומר'שט אַזוי גלאַט. האָט געוואוסט אַז מיר ניט מען ניט עפּעס אבי וועמען און, אַ שטיינער, מאַרש צו דער חופּה! ער האָט מורא געהאַט, דו וועסט מיר ניט געפעלען. און אין אָנהויב האָב איך דיך טאַקע ניט געוועלט. גאָר אין אָנהויב... בעת דו ביסט אריינגעקומען אין שטוב. מיידעל־וויז האָב איך אַנדערש געקלערט אַ גבר האָט מיין חתן געדאַרפט זיין, אַ מענש, וואָס קען טראָגען אַ ביקס (זי כאַפּט זיך אַז זי האָט זיך אויסגערעט אַ נאַרישקייט, גיט זיך אָבער ניט אונטער) און קען שמעקען פּולווער; אַ חברה־מאַן, וואָס קען קוקען אַ וואָלף גלייך אין די

אויגען. און דו ביסט געווען אזא שוואכינקער, א פוכלינקער, אן איידעלער (גיט איהם א פייער'דיגען קוש) שלים־מזל'ניקעל!... נו, און אט הויבסטו אן צו רעדען... (זי געהט מעהר און מעהר אריין אין אן עקסטאזע) און דיין פנים ווערט עפעס אזוי ווי בעלויכטען פון דער ליכטיגער זון... און דיין קול איז אזוי זיס, און די ווער־טער שיטען זיך ווי פערל פון דיין מויל... קיינמאל האב איך א מאנסביל נים געהערט אזוי רעדען, אפילו נים אין שטאדט, ווען איך פלעג אמאל קומען צו מוהמע ציפען צו געסט... יע, ווי פערל שיטען זיך די ווערטער דיינע און מיין הארץ, דאכט זיך, שטארבט אב און איך בין עפעס אזוי ווי אין א חלום. און... און... (זי בעהאלט אריין זיין פנים איןביידע הענט און קוסט איהם לוידענשאפט־ליך) און, ווייסטו? עפעס וואקסטו אויס פאר מיינע אויגען... 'סאידא אזא פלאנץ, זאגט מען, 'ך וויים נים ווי זי הייסט, וואס מ'קען כמעט זעהן וואקסענדיג... אט ווי זי וואקסטו אויס אין מיי־נע אויגען און דו זעהסט מיר עפעס אויס גרויס, שטארק, הויך און... און מיר ווילט זיך דיך גלייך צודריקען צום הארצען... גלייך, גלייך! און יאהרען זיינען מיר די חדשים, וואס פערגעהען פאר אונזער חתונה און... דו ווייסט עס נים... נעכט זיץ איך אב און לייען און לערן... האב מורא די ישוב'ניצע קען דיר אפשר נים געפעלען...

רחמיאל

נו, מיר זיינען דאך שוין געווען פער'קנס'ט!

חיה שרה

נארעלע! וואס טויג מיר פער'קנס'ען, אפילו מקדש זיין אויב איך געפעל דיר נישט? מיין טאטע האט פאר זיין געלד אפשר גע־קענט קריגען אן איידעם — א יחסן, א למדן. איך בין נים מיין טאטע. איך קויף נים פאר געלד. איך נעהם איהם וואס גים זיך מיר, אנים שפרינג איך גיכער אריין אין טייך מיט צעהן פוד בליי אויף די פיס... (דער וואנד־זייגער שלאגט 5.) הער־צו, מיין זיסער...

רחמיאל

רייד, רייד! דו ווייסט? אזוי האָבען מיר ביידע נאָך קיינמאָל ניט גערעט.

חיה שרה

נו, טו הער־זשע...

רחמיאל

וואַרט א רגע. אז עס קומט שוין יע צו־רייד, לאָמיך דיר אויך עפּעס דערצעהלען; איך ווייס, ׳סאיז אפשר א נאַרישקייט...

חיה שרה

דערצעהל, זיסינקער.

רחמיאל

דו ווייסט דאָך, אין חומש איז דאָ א סדרה „חיי שרה". געהט טאַקע איבער אכט־טאָג. איז ווען איך בין נאָך אונזער תנאים צוריקגעקומען אין שטאָדט, פלעג איך אַלע טאָג אין קלויז ביין דאַוונען, צו שחרית, צו מנחה און צו מעריב, ווילענדיג־ניט־ווילענדיג, צוגעהן צום אַלמער ספרים, פלעג ארויסנעהמען א חומש, פלעג מישען פערטראַכט א בלאַט נאָך א בלאַט און שטענדיג פלעג איך אויפמישען די סדרה „חיי שרה" און... לאַך ניט! און פלעג מאָל פאַר מאָל אוועקלעגען דעם ספר מיט... מיט א קוש. דאַכט זיך וואָס? אָבער פאַרט... א נאַרישקייט, ניין?

חיה שרה

ווער ווייס! אָבער הער...

(אין מיר בעווייזט זיך סטעפּאַנקע. רחמיאל זעהט איהם נים. חיה־שרה גיט איהם א וואונק ער זאָל א ווײלע וואַרטען — דרויסען. סטעפּאַנקע ציעהט זיך צוריק.)

חיה שרה

(צו רחמיאל׳ן) רעדענדיג פונ׳ם קלויז... האָסט דאָך נאָך ניט גע־דאַוועט קיין מנחה; געה אריין אין שטוב... סטעפּאַנקע האָט מיר געבראַכט פון שטאָדט איינגעקויפטע זאַכען. איידער דו דאַ־וועגסט אָב בין איך פאַרטיג מיט איהם... מוז דורכזעהן וואָס ער האָט מיר געבראַכט.

רחמיאל

גערעכט, גערעכט, אָבער פּטר איהם אָב וואָס גיכער. (פֿאַר זיך) איין גאָט אין הימעל ווייס וואָס דאָ טוט זיך.

פּיערטע ערשיינונג.

חיה שרה

וואו נעהמט מען כח מיט איהם צו רעדען ווי מען דאַרף? (קוקט אַרויס דורכ'ן פענסטער און רופט שטילערהייט) סטעפּאַנקע, סטעפּאַן! אהער קום!

סטעפּאַנקע

(רעט אויך שטיל) ניטשעוואָ, באַריניאַ! האָבסט נאָך צייט. זיי זעהען זשיך נאָך ניט. נאָך אין האָלאָזעם, דיאַוואָלי... וויערנאָ, זאָ'ך דיר, באַריניאַ, יעיי באָגו!

חיה שרה

גוט, אויב אזוי האָבען מיר נאָך (קלערט אַ ווײַלע) לכל הפּחות א שעה אָנדערהאַלבען צייט? ביי מיר איז אַלץ אָנגעגרייט... פּייווקע שטעהט אויפ'ן... וואַך.

סטעפּאַנקע

באַריניאַ! פאַר וואָס דיין באַטיושקאַ נישט געקעייפּט אָן אָכוואָט־ניק פאַר איהם? האָטש איהם, קאַזשים, געלד גענוג, ניע טאַק־לי?

חיה שרה

האָב אוועקגעשיקט... קיינער טאָר דאָס ניט וויסען, סטעפּאַן... א מענשען אין שטאָדט.. דער פּאָטער אָבער מוז זיין אויפ'ן וועג קיין ריגא. אפשר וועט מען דערגעהן וואו ער געפינט זיך איצט, אפשר ניט. ווער האָט זיך געקענט רעכענען אויף אזא'ן אומגליק?

סטעפּאַנקע

מיין באַיטקאַ'ס ווערטער — סלאָווא וו־סלאָוואָ! געדענק, יעיי באָגו! ער געזאָגט ווען איך שוין געוועזט אָבגעגעבען... א וויעד, איך יעמאָלט געוויעזט גאָר אַ פּיטשוק, דאַזשע פאַר מיין וואָזראַסט קליין; „קרשקאָ זשידיאָנאָק" פּלעגט דיאַדקאָ מיך רופען. אכט

יאָהר אַלט געוויעזט. (חיה שרה קוקט אונרוהיג אַרויס פונ'ם פענס־טער.) ניע ביעזפּאָקאַייסאַ, באַרינאַ, האָבסט נאָך צייט. אַ זאַ־טיעם פּייוואָקאַ, ער קוק אַרויס... פּייוואָקאַ מאָלאָדיעץ... (שרייט אַרויס דורכ'ן פענסטער) עיי, פּאַייקאַ! פּייוואָקאַ! דו בראַט, קוק אויס! (באָבע רויזע בורבעלט עפּעס און רייבט זיך די אויגען.)

## חיה שרה

האָסט אויפגעוועקט די באָבען. שרייען דאַרף מען גלאַט ניט, סטעפּאַן.

## באָבע רויזע

(נעהמט אַריין דעם פלאַקט־פּאַדים אין האַנד און דרעהט, האַלב ניט וויסענדיג וואָס זי טוט, דעם רעדעל און זינגט ווי פריהער:)

„איידער צו עסען יאַוואַנקע'ס קאַשע,

„בעסער צו לערנען חומש מיט רש"י".

איי־איי־איי!

## סטעפּאַנקע

(טוט זיך אַ כאַפּ) אַ וואָט, וואָט, וואָט! דאָס מען אין אונזער צייט געזונגט, באַבאַ! גערדיענק, יעיי באָגו, גערדיענק! (חיה שרה קוקט ווידער אַרויס פון פענסטער) דאַראָם, באַרינאַ, האָבסט נאָך צייט. דאַ אי פּייוואָקאַ... ער ניט דרעמליעט. טאַק וואָט, איינ־מאָל, איך שוין געווען אַ ריאַדאָוואָיי, אַ גאַנצער סאָלדאַט, זנאַטשיט, פּוראַזשקאַ, שינעל, ביקס, ראַניעץ, אַלץ ווי'ס פּאָלאָגאַיעט זשיך. אי וואָט קום איך, מיט'ן פּאָלק מיינעם, קיין סלאָנים... ניט ווייט פון מיין... ווי זאָגט מען עס? פון מיין ראָדינאַ, גיים, זנאַטשיט, וואו איך זשיך געהאָדעוועט... דאָ האָזש מען אונז, פּיעכאָטנע, אָפּרעדיליאַייעט פּאָ בילעטאַם, איבער די בעלי בתים... טאַק וואָט אייני אָוועגד אין יעסען, ווי איצט, זיטשיך מיט אַ טרובקע אין מויל אויף אַ סקאַמייקע פאַר'ן הויז... (חיה שרה ווערט אַלץ אונרו־היגער) סקאַזאַנאַ, האָבסט נאָך צייט, באַרינאַ! טשעוואָ זשיך טרעוואָזשען פּאָנאַפּראַסנו? נו, זיטשיך און קוק איך אַרויס אויפ'ן גאַס. פּלוצים, זעה איך אַ גאַנצע סטאַייע קינדער לויפען נאָך אַ ווייבעל, אַבגעריסען, אַבגע...

חיה שרה

(כאַפּט איהם אונטער, קוקענדיג אַן אַ זייט) אַבגעשליסען...

סטעפּאַנקע

יע, אַבגעשליסען, האָאר ראַספּוסטשעט; ווינט טראַגט אין אַלע זייטען... אויגען אויסגע... אויסגעגלאָצטע ווי ביי אַ טויטע, אויף איין פוס טראַנטעס, טריאַפּקי, פּאַנימאַייעש, די אנדערע גאַר הויל, טאַיילקאַ מיט בלאָטע בעדעקט... פּאַרטריקענטע בלאָטע, פּאַנימאַ־יעש... און זינגט, און וויינט; וויינט, טאַ יעסט, ס נאַפּיעוואַם... מיט אַ...

חיה שרה

(ווי פריהער) אַ נגון... נו?

סטעפּאַנקע

דו ווייסט? וואָט ווי אידון וויינען נאַקאַנוניע יום־כפּור־אַ אין אָווענד, אין שול, און דאָס נעהמט דורך און דורך... און די ווער־טער טאָטש־ור־טאָטש ווי באַבושקאַ׳ס (באָבע רויזע ווערט אויפ־מערקזאַם) וואָס זשי האָט טאַיילקאַ שטאָ געזונגט... אַ נוקאַ, באַבושקאַ, ספּאַיי!

באָבע רויזע

(פערשלאָפען און פויל)

„איידער צו טראָגען יאָוואַנקע׳ס היטעל,

„בעסער צו זאָגען תהלים אַ קאַפּיטעל“.

איי, אַ חורבן אַ גרויסער!

סטעפּאַנקע

וואָט, וואָט, וואָט! און די ווייבעל, זנאַטשיט, געהט און זינגט און די רעביאַטשיקעס איהר נאָך... אי וואָט קומט זי נעהנטער... ווידנאָ, קראַסאָטקאַ געוועזן אַמאָל... שטערן הויך, נאָס ווי אָבגע־טאָקט, מיילכבעלע ווי ביי זשאַוואָראָנאָק אַ קליינינקע. ׳סווילט זשיך וויינען, יעיי באָגו! (חיה שרה ווערט נאָך אונגעדולדיגער) באַ־ריניאַ, האָבסט נאָך צייט, וויערנאַ גאָווואָריו! טאַק וואָט, ווער׳ך געוואָהר אזש ווייבעל ס אומאַ סאָשלאַ, משוגע, זנאַטשיט. מחמת האָט׳ן איהר ביאָכידעל, סיראָטקאַ דערצו נאָך, געכאַפּט, ווי מיך,

א קליינינקען, א ברעקעלע, אי סדאלי... א וואָט, באָבע רויזע, קאזשים, ווידער איינגעשלאָפען!

חיה שרה

שש... סטעפּאַן! לייכט מאַכען זיך דיינע אויגען צו, באָבע אַלטע... אהא! רחמיאל קומט. סטעפּאַן, טראָג זיך אָב.

סטעפּאַנקע

לאדנאָ! 'ך געה. אָבער בוד ספּאָקאיינא, חיה מיכאיילאָוונא, האָבסט נאָך צייט. און מיר מיט פּייוועקען האַלט אויגען אָפען. ניעדאראָם פּיפּאוטשוואַנציג יאָהר מיקאָלאייען געדיענט.

## פ י נ פ ט ע  ע ר ש י י נ ו נ ג.

חיה שרה

מיר קומט אָן דער רעדען מיט איהם שווערער ווי קריעת ים סוף. (רחמיאל קומט אריין.) רחמיאל!

רחמיאל

נו?

חיה שרה

זעץ זיך דאָ לעבען מיר. (זיך מאַכענדיג א הארץ.) רחמיאל, דו וואָלסט איצט ניט וועלען לאָזען דיין ווייב און אוועקגעהען, הא?

רחמיאל

וואָס אי דאָ צו רעדען?

חיה שרה

דו וואָלסט ניט קענען לעבען אָהן מיר, ווי איך וואָלט ניט קענען לעבען אָהן דיר, ניין?

רחמיאל

נו, אודאי!

חיה שרה

וויל מען אונז אָבער פאַנאַנדערשיידען.

רחמיאל

ווי הייסט, פאַנאַנדערשיידען?

חיה שרה

מי וויל דיר פון מיר אוועקנעהמען.

רחמיאל

מיר? פון דיר? וו... ווער א־שטייגער?

חיה שרה

ווער? קהל.

רחמיאל

(עס וואַרפט איהם אַ צאַהן אַן אַ צאַהן) קהל? מיך אַבגעבען ווילען זיי פאר א זעל...

חיה שרה

פאר א זעלנער. (זי שטעלט זיך אַוועג בקומה זקופה.) אַבער זיי וועלען דאָס ניט דערלעבען.

רחמיאל

ווי הייסט? זיי וועלען...

חיה שרה

זיי וועלען דיך ניט נעהמען, מחמת איך וועל ניט לאָזען.

רחמיאל

(כסדר ציטערענדיג) קינד, דו! וואָס, לערך, קענסטו, אַט אפילו דו, טאָן אנטקעגען קהל?

חיה שרה

ניט מיט כח, מיט שכל.

רחמיאל

דהיינו?

חיה שרה

האָב פערשפרייט א סלוך, אז דו ביסט, ניט פאר קיין אידען גע־דאכט, זעהר קראנק, אז דו... איך וויל די ווערטער פון מיין מויל ניט ארויסברענגען... ביסט...

רחמיאל

אל תפתח פה לשטן... איך פערשטעה, נו?

חיה שרה

פערשטעהט זיך, דאָס וועט זיי ניט אָבהאַלטען... מענשען ווי זיי

קען מען ניט לייכט מולירען... נאָך היינט ערוואַרט איך די ניט־געבעטענע געסט... אפשר אין אַ שעה אַרום.

רחמיאל

טו וואָס־זשע?

חיה שרה

מיר וועלען זיי פּאַרט אָבנאַרען. אַלץ איז אָנגעגרייט... זיי וועלען אַוועקגעהן מיט ליידיגען. אין עסצימער אונטערן שלאָפבאַנק האָב איך אַ מכסה... ליכט... אַלץ ווי ׳סבעדאַרף צו זיין. דו וועסט זיך מאַכען פּאַר...

רחמיאל

(אין גרויס שרעק) פּאַר ט... טויט? ניין, ניין, ניין!

חיה שרה

ליעבסטער, עס איז קיין אַנדער מיטעל ניטאָ. מיינסט איך האָב זיך דיר נישט — מיר נישט... מיט אַ לייכטען האַרצען... גענומען צו אַזאַ זאַך... אָבער אַלע וועגען זיינען אָבגעשניטען. זיי האָבען אויף אונז הונדערט אויגען. וואָלט דער טאַטע געוועזען אין דער היים, וואָלטען מיר זיך אפשר אויסגעקויפט מיט אַ גרויסען פּדיון...

רחמיאל

חיה־שרה׳לע... דאָס איז דיין טאַטע, נעהם ניט פאַר אומגוט... אָבער ער האָט דאָס געטאָן אומישנע... ער איז דערפאַר טאַקע אַוועק־געפאָהרען...

חיה שרה

(קאַלט) ניט דו רעדסט, זיסינקער, דער וועהטאָג רעט אין דיר.

רחמיאל

ניין, ניין! איך ווייס וואָס איך רייד. אָט צוליעב דעם גרויסען פּדיון איז ער טאַקע אַוועקגעפאָהרען... האָט חלילה ניט געמיינט קיין בייז... איך האָב דיר שוין געזאָגט, ער האָט זיך נאָך יום טוב געזעהן מיט אַ שטאָדטיגען בעל־הבית דאָ אין קרעטשמע... פערשטעה איצט אַלץ... אַלץ איז מיר מיט אַמאָל קלאָר געוואָרען... אַלץ... מען האָט פערלאַנגט אַ גרויסע מטבע... זיינען מסתמא געוועזען אַבוואָטניקעס. דער טאַטע האָט געקלערט, זיי וועלען זיין אײדעם, דעם מיוחס, ניט

סמייענען צו נעהמען און וועלען ביז איבערן פריאָם אפילו ניט וויסען וואו ער איז, ביי איהם מיט סטראשונקעס ארויסצומאַנעוועז גרויסע געלד... איצט איז שלעכט...

חיה שרה

קאָן זיין דו ביסט גערעכט... אָבער איצט טאָר מען וועגען קיין אַנדער זאַך ניט טראַכטען ווי דיר ארויסצוראַטעווען פון זייערע הענט... איצט וואָלט אפשר שוין קיין גרויסער פדיון אויך ניט געהאָלפען, קהל פעהלען נאָך דריטהאַלבען נפשות... צום פריאָם איז ניט געבליעבען פיעל צייט... אפשר ווילען זיי זיך טאַקע אויף דעם אופן גוקם זיין אָן דעם טאַטען... ווער ווייס? אפשר איז... קאַריק רעדענדיג, זיי טאַקע ענג אין מוח, דערהויפּט אויב זיי געפינען ניט דעם בחור אין האָלאָזעם. זיסינקער, עס איז נור דאָ איין ברירה... (איהרע אויגען ווערען פול, אָבער זי בעהערשט זיך) און דו ווייסט דאָך: איין ברירה איז ק י י ן ברירה.

רחמיאל

אפשר זיך ערגיץ־וואו בעהאַלטען?

חיה שרה

וואו? אין שטאָדט געפינט מען אויך בעהאַלטענע און האַרטען זיינען דאָ אַ סך הייזער און אַ סך ווינקעלעך. דאָ ביזטו אין ערגיץ ניט זיכער. איך טאָר דיר ניט שטעלען אין סכנה...

רחמיאל

ווייסטו אויף קלאָר, אז זיי האָבען אָן אויג אויף מיר?

חיה שרה

טויזענד אויגען...

רחמיאל

ווי דער מלאך־המות! (ער זיפצעט זיך אָב.)

חיה שרה

(אַ ביסעל ערגערליך) רעד ניט אַזעלכע רייד, זיסינקער! איך זאָג דיר, זיי האָבען אויגען אומעטום און היילען זיך אפילו גאָר ניט. זיי קלערען מען קומט און מען נעהמט — זיכער ווי אין קעשענע, — זיכערע יסורים אויף זיי! (אין טיר בעווייזט זיך סטעפּאַנקע.)

רחמיאל

פון וואַנען ווייסטו דאָס אַלץ?

חיה שרה

שוין נאָהנט פון צוויי וואָכען זינט איך לאָז פון זיי אַן אויג ניט אראָב. (סטעפאַנקע קומט אַריין.)

## זעקסטע ערשיינונג

חיה שרה

וואָס ווילסטו, סטעפאַן?

סטעפאַנקע

ניטשעוואָ, באַריניאַ, האָב דיר געוואָלט זאָגען: האָבסט נאָך צייט. גיקומען מענש פון האָלאָזעם אין מיל, מיט ברויט, ס פשעניציי, פּאַנימאַיעש. זאָג ער, וועלפּקע געקעהרט אום גאַנץ דערפעל. זוך ווי מיט ליכט דעם פּאַרען. ווידנאָ, אַנטלאָפען שוין לאַנג.

חיה שרה

פייווקע אויפ'ן בוים?

סטעפאַנקע

דאַ, באַריניאַ, פייווקאַ מאָלאָדיעץ!

חיה שרה

(צום מאַן) פייווקע, פערשטעהסטו, פייווקע דעם מילנער'ס, שטעהט הויך אויף אַ דעמב און האַלט זיינע שאַרפע אויגען אָפען.

רחמיאל

(בורבלענדיג אונטערן נאָז) זיינע שאַרפע אויגען!

חיה שרה

וואָס זאָגסטו?

רחמיאל

נאָר נישט. אַזאַ בחור ווי פייווקע...

חיה שרה

קומט שטאַרק צו ניץ. דו ווייסט ניט ווי געטריי ער איז מיר. פאַר

מיר איז איהם קיין זאך ניט צו שווער. פון קינדווייז אויף געווען
אזוי. קען זיך אויף איהם פערלאַזען.

רחמיאל

(פערטראַכט) ווייזט אויס אזוי!

חיה שרה

ווי אויף זיך אליין. בעווייזען זיי זיך (רחמיאל'ן טוט א שוידער)
אין א מהלך פון א וויאַרסט גיט ער א פייף. דאַן האָבען מיר
נאָך א פערטעל שעה צייט. אלץ איז אָנגעגרייט. דו וועסט...
ליעגען אין קאַמער... זיי וועלען דיך זעהן פון וויטען דורכ'ן
טיר... ארייננעהן וועלען זיי ניט סמייענען. קיין אנדער מיטעל
איז ניטאָ. זיסינקער, ניטאָ. גאָט איז מיין עדות, ניטאָ!

רחמיאל

אָבער אפילו: איי, זיי וועלען ניט גלויבען! וועלען ארייננעהן...

חיה שרה

סאיידען זיי שפרייזען איבער מיר! וועלען ניט סמייענען, זאָג
איך דיר. מיין גרויסער קלאָג וועט זיי אָבהאַלטען... וועל זיך
ניט דארפען מאַכען קלאָגענדיג; מיין צער איז גרויס נענוג און
גרויס איז מיין סכנה, ער אין הימעל ווייס! אגב וועלען מיר
באַבע רויזען זאָגען — איך און פייוועקע — אז... דו ווילסט וואָס
זאָגען? — אז דו ביסט טאקע אין דער אמת'ן... זי וועט גלויבען
און וועט אויך גענוג וויינען.

רחמיאל

אפשר פערשטעלסטו מיך בעסער פאר א...

חיה שרה

פאר א ווייבעל? האָב וועגען דעם אויך געטראַכט. אָבער קודם,
וואו נעהמט מען אין דאָרף א בריטווע. אָבשערען דיין באָרד
וועט ניט טויגען. אגב איז דאָס שוין אזוי גוט בעוואוסט, אַט
דער קונץ, מיין איך, אז עס פאַלען דערויף אלע כאַפערס פריהער
ווי אויף אלץ.

רחמיאל

און טאָמער קומען זיי פאַרט אריין און הויבען אויף די מ... מכסה?..

חיה שרה

איך זאָג דיר, זיסינקער, זיי וועלען ניט סמייענען. אידען האָבען חוץ אַלע מעשיות, בושה פאַר'ן...

רחמיאל

בושה פאַר'ן טויט... אמת, אָבער זעה, טו א טראַכט. אפשר איז פּאָרט עפּעס דאָ אַנאַנדער פּאָרטעל.

חיה שרה

ניטאָ, זיסינקער, ניטאָ! טו ווי איך הייס דיר! (עס הערט זיך אַ סוויסטש.) שוין! אָ, טאַטע אין הימעל! דערבאַרעם זיך אויף אונז. (רחמיאל געהט האַסטיג אַרויס.)

באָבע רויזע

(כאַפּט זיך אויף, רייבט זיך די אויגען) שוין שפּעט?

חיה שרה

(ברעכט די הענט) באָבינקע, אַן אונגליק האָט אונז געטראָפען! אויס איז מיין וועלט.

פייוועקע

(אַריינלויפענדיג, אין גרויס אויפרעגונג) נאָך ניט... דערווייל נאָך ניטאָ, חיה־שרה'לע... האָב געהאַט אַ טעות!

פאָרהאַנג.

# דריטער אקט

דער צימער פונ'ם ערסטען אקט, מעהר־נישט דער גארדין אין דער ברייט פונ'ם צימער איז איצט פערצויגען. דורכ'ן לייוועגד זעהט זיך דאס פינקלען פון ליכט אינ'ם הינטער־גרונד. דרויסען הויבט ביסלעכווייז אן צו ווערען דונקעל. עס איז שוין ארום פינף א זייגער.

## ערסטע ערשיינונג.

חיה שרה

(אין טיר, אריינקומענדיג) ביזטו זיכער, פייוועלע, אז דאס האט זיך דיר נור אבגעדאכט?

פייוקע

זיכער, זיכער, חיה־שרה'לע, וועל דיר ניט נארען.

חיה שרה

ווי אזוי האסטו דאס געמאכט אזא טעות?

פייוקע

האב געזעהן פון וויטען א גרויסע בויד, פאהרענדיג אהער־צו־צו, האב'ך געקלערט דאס מוז זיך וועלפקע לאזען אהער, ער מיט זיינע כת־ליצנים.

חיה שרה

נו, געלויבט דער אויבערשטער דערפאר! גלייכער אזא טעות איידער, חלילה, פערקעהרט. געה צוריק, פייוועלע, קלעטער נאך אמאל ארויף אויפ'ן דעמב און... מילא דיר דארף מען האך ניט זאגען וואס צו טאן. (געהט ארום אויפגערעגט איבער'ן צימער און ברעכט די הענט) איי, פייוועלע, וואס וואלט איך איצט געטאן אהן דיר? רחמיאל, דו בלייב אינעווייניג; קום ניט ארויס, בדאייער ניט צו רייצען זיך מיט'ן שטן, ווי דו זאגסט... רחמיאל!

איך קלער איך'על פּאַרט אַרויסקוקען אויפ'ן וועג. פּייוועלע, בלייב דאָ מיט רחמיאל'ן.

רחמיאל

זאָם זיך ניט! זעה צי'ז, נאָך אַלעמען, ניטאָ ערגעץ אַנאַנדער מיטעל... די אימה פון ליגען אויף דר'ערד! געה, זעה טאַקע אַליין... מיין הארץ קלאַפּט. אפשר איז דער שרעק גאָר אין גאַנצען אַן אומזיסטיגער.

חיה שרה

הלואי, רבונו של עולם! אָבער.. (געהט אַרויס.)

פּייווקע

הערט, רחמיאל!

רחמיאל

(אַלץ פון אינעווועניג) נו?

פּייווקע

איהר ווייסט? חיה־שרה'לע האַלט דאָס בסוד...

רחמיאל

עפּעס אַזוינס וואָס דו איינער ווייסט?

פּייווקע

יע, מיר דערצעהלט זי אַלץ.

רחמיאל

אַזוי? (פאַר זיך) זיינע „שאַרפע אויגען" און איהרע „שוואַרצע אויגען" — ער'לע און זי'עלע! אָה! (ער זיפצעט זיך אָב; צו פּייווקען) אַ סוד, זאָגסטו? זי האַלט דאָס בסוד... נור אָט דו וועסט מיר'ס זאָגען, הא? מיר האַלטען אויף אַ דרך, נו?

פּייווקע

אייערנעכטען האָט חיה־שרה'לע אוועקגעשיקט דעם טאַטען'ס אַ מענש — פון מיהל, פערשטעהט איהר — אין שטאָדט אַריין זוכען דעם שוועהר אייערן.

רחמיאל

עס וועט מען ניט געפינען... ברודערקע.

פייווקע

האָט מיטגעגעבען אַ שעהנע מטבע; האָט בעפוילען ניט זשאַלעווען קיין הוצאות, אבי איהם געפינען; האָט אויסגערעכענט אַלע ער־טער און ווינקעלעך, וואו ער קען זיך איינגעפינען... היינט פאַרטלען און... ווי רופט איהר האָס... האָט זי איך! אַ שפּאַס, איהר מח!

רחמיאל

(מיט שטייגענדען פערדרוס אין קול) אַזוי! (אונטער'ן נאָז) צו־שמאַלצען ווערסטו גאָר אין דער התלהבות וועגען איהר...

פייווקע

הערט, רחמיאל! זי קלערט, פערשטעהט איהר, דער שוועהר קען דאָ נאָך היינט זיין... אפשר נאָך פריהער ווי וועלפּקע מיט די כאַפּערס...

רחמיאל

(אין אַ פריינדליכערען טאָן) אַזוי! און... וואָס בעהאַלט זי זיך פון מיר?

פייווקע

מסתמא דאַרף מען... זי ווייס וואָס זי טוט. איהר ווייסט, רחמיאל?

רחמיאל

נו?

פייווקע

אפשר האָט זי מורא... אשטייגער ווען איהר קלערט, אָט־אָט קומט דער שוועהר, וועט איהר ניט וועלען... איהר פאָלגען, זיך פער־שטעלען פאַר...

רחמיאל

פערשטעה, איך פערשטעה, דאַרפסט ניט אויסטייטשען. (קורצע פּויזע.) פייווקע, הער!

פייווקע

וואָס זאָגט איהר?

רחמיאל

לאָז זיין... (נאָך אַ קורצע פּויזע) דו זאָגסט, דו האָסט מורא פאַר איהר בליק? ניין?

פיוווקע

(פער׳חלומ׳ט זיך) און... און איהר ניט? און, דאכט זיך, זי איז אזא גוטע. קען איהר פון קינדוויז אויף. א דימענטענע האריץ, און קוקט זי אייך אן... עפּעס ווי דער אסעסאר אליין וואלט אייך אנקוקען. חיה־שרה׳לע, פערשטעהט איהר?...

רחמיאל

(וויל ניט מעהר הערען) דיין טאטע, ווי אלט, לערך, קען ער זיין?

פיוווקע

(האסטיג) אין מיכאל׳ס עלטער... חיה־שרה׳לע, פערשטעהט איהר, רחמיאל, איז א ווייבעל עפּעס גאר ניט ווי אלע ווייבלעך... זי האלט אפילו דעם שוועהר אייערן אין די לייצעס... אלעמען... זי קירעוועט און מע געהט. איהר קענט טרייבען א פערד? פון וואנען זאלט איהר קענען? איך קען. זי שרייט ניט, זי ליארעמט ניט... מע פאלגט איהר... א גוטער טרייבער, בעדארף ניט קיין בייטש... וואס ווייסט איהר, ווער זי איז...? א גוטער טרייבער פיהלט די בהמה דעם בעל־הבית אין דעם ציעה מיט די לייצעס... פרעגט ביי מיר!

רחמיאל

(פאר זיך) מליצה געפינט זיך ביי איהם, דעם שנעק, ווען ער רעט וועגען איהר... און דאכט זיך, זי איז מיר אזוי צוגעטאן...

פיוווקע

אט איז זי! ז׳קומט צוריק!

## צווייטע ערשיינונג.

חיה שרה

נאך צייט, נאך צייט! געלויבט איז גאט דערפאר! פיוועלע, איצט געה דו ארויף אויף׳ן בוים... געה גלייך. (סטעפאנקע בעווייזט זיך אין טיר. פיוווקע האט געהאלטען אין געהן, בלייבט שטעהן.) עפּעס נייעס, סטעפאן?

סטעפּאַנקע

אין מיהל געקומט א איד מיט טוו... מיט פשעניצא צו מאַהלען, זאָגט, ער געזעהט דיין באַטיושקא, — אין שטאָדט־מאָל!

חיה שרה

הלוואי וואָלטען מיר עס שוין זעהן! קען נאָך קומען, מיט גאָט'ס הילף, אין צייט, אָבער מיר פערלאָזען זיך ניט אויף נסים. רחמיאל, דו הערסט? דער טאַטע קען נאָך אפשר באַלד קומען. האָב געשיקט נאָך איהם, ער איז אין שטאָדט... פון דעסטוועגען, פייוועלע, צוריק אויף'ן וואך! (פייווקע אָב.)

רחמיאל

(קוקט אַריין דורכען געעפענטען גאַרדין) חיה־שרה, ווייסט וואָס איך האָב פאר א פּלאַן? דו זאָגסט, אַז פייווקע וועט א פייף טאָן וועלען זיי זיין איבער א וויאָרסט פון דאַנען, ניין?

חיה שרה

און מיר וועלען נאָך האָבען א פערטעל שעה צייט.

רחמיאל

וועל איך דיר זאָגען, וואָס מיר קענען טאָן. סטעפּאַן, דו הער צו מיט קאָפּ...

סטעפּאַנקע

יעשטשאַ־בי! איך שוין הער קאָק סליעדויעט.

רחמיאל

לאָז סטעפּאַן איינשפּאַנען א פערד, דעם פלינקסטען וואָס מיר האָ־בען, איהם האַלטען אָנגעגרייט אין סטאַדאָלע... איך בייט זיך מיט סטעפּאַנען די קליידער. . . ער איז אין מיין הויף. ווען 'סדערהערט זיך פייווקע'ס סוויסטש, שטעלט ער זיך אוועק א קלאַפּטער צעהן פון הויז... (ווערט אַלץ מעהר אויפגערעגט וואָס לענגער ער רעדט) און ווען זיי זיינען א קורצען מהלך פון איהם, א פערטעל וויאָרסט לערך, טוט ער זיך א לאָז לויפען אויף דעם וועג קיין סטאַראָלופּקע. זיי מיינען אז דאָס בין איך און... און טוען זיך א לאָז איהם יאָגען. איך זיץ דערווייל שוין אין דעם וועגעל אין סטאַדאָלע... דו גיסט מיר צו וויסען... אפשר שפּרינגסטו

אליין ארײן צו מיר אין װעגעל אַרײַן... און בעת זײ פליהען ווי די רוחות קיין סטאראָלופקע, פאַהרען מיר קיין האָלאָזעם פון וואנען זײ קומען... און אַז גאָט גיט...

סטעפאַנקע

רחמיאל, מאָלדיעץ, יעיי באָגו! איך קען לויפען! כאַפּען זײ מיר ניט גלייך... לויף דורכען װאלד... בויד קען ניט... פאַנימאַ־יעש... ביז זײ מיר כאַפּען דו זאַ־גאַראַמי! מאָלאָדיעץ, רחמיאל, יעיי באָגו, מאָלאָדיעץ!

חיה שרה

דיין פּלאַן, זיסינקער, איז אפשר ניט שלעכט, אָבער בויען דאַרויף קען מען ניט. זײ זײנען א סך. דארפען ניט אלע לויפען נאָך סטעפאַנקען... מיר... איך מיין, זײ קענען לאָזען א פּאָאר דאָ ביי אונז... וועלען דאָס געוויס טאָן... ווי ריהרען מיר זיך ארויס פון סטאראָלע... אגב קענען זײ גלאט לאָזען אויפ'ן וועג פון האָלאָזעם א מענשען, אָדער צוויי... מיר קענען זײ אריינפאָהרען אין סאמע פּאַסטקע אַרײַן. ניין, טייערער, קיין אנדער מיטעל זעה איך ניט. מיר זיינען שוין לאנג ארומגערינגעלט... דאָס פיהל איך ביי זיך... מיר מוזען זײ לאָזען קומען אין שטוב ארײן און גאָט וועט אונז פון דער סכנה ארויסטראָגען...

רחמיאל

(פון הינטערן גאַרדין) ׳ך גלויב דו ביסט גערעכט! און קיין אנ־דער מיטעל איז אויך ניטאָ? און באָבע רויזע?

חיה שרה

זי שלאָפט אין פאָרהויז. שלאָפט זיצענדיג. וועלען איהר ניט אויפוועקען ביז מיר הערען דעם פייף... האַלב וויים זי שוין און איז נעבעך איינגעשלאָפען וויינענדיג.

רחמיאל

און איהר וועט איהר זאָגען?

סטעפאַנקע

פאַניאַטנאָ! וועט גלויבען, סטאַרושקאָ! פּאָפּלעקציאַ, סקאָזשעם.

חיה שרה

נעווים, געוואלד! וואַרט, סטעפאַן, וואָס האָב... געוואָלט דיר זאָגען? אַלץ, דאכט זיך, אַנגעגרייט? סטעפאַן, געדענק, טאָמער קומט דיר אויס וואָס צו זאָגען: שוין אַ פּאָאַר שעה ווי ער... ער איז... הייסט דאָס... ניט געוואָרען, מיין טייערער!

סטעפּאַנקע

לאַדנאָ, באַרינייאַ!

חיה שרה

און באָבע־רויזען דאַרף מען אויך אַזוי זאָגען. איצט גייע, מיין פריינד... ווי גוט איהר זייט אַלע צו מיר... אָה, דער אויבערשטער וועט געבען וועט נאָך דער טאַטע אונטערפאַהרען און מיר וועלען די גאַנצע פערשטעלענים ניט דאַרפען... סטעפאַן! הער, נאָך וואָס! חברה קדישא... דו ווייסט דאָך ווען איך מיין...

סטעפּאַנקע

ווייס איך, ווייס איך...

חיה שרה

חברה קדישאַ, הייסט דאָס, זיינען דאָ שוין געוועזען... האָבען אַראָבגעהויבען... נאָר רעד ניט אויב מען פרעגט ניט... סתם ניט נויטיג צו רעדען... זיי אָבער ביי דער האַנד... מאַלע וואָס קען זיך מאַכען... און איצט רחמיאל...

רחמיאל

(שפּרינגט אַרויס פון הינטערן גאַרדין) חיה־שרה! חיה־שרה!!

חיה שרה

(קומט האַסטיג צוריק) וואָס ווילסטו, גוטינקער?

רחמיאל

דאַרפסטו'ס איהם אַזוי נויטיג?

חיה שרה

(אויפ'ן שוועל, רעדענדיג אין גרויס האַסט) ווען? סטעפּאַנקען?

רחמיאל

ניין, ניין... ניט איהם... איך מיין...

חיה שרה

נאט איז מיט דיר... וואס האלטסטו מיך... די מינוטען זיינען געצעהלטע... זאג, גיך: ווען מיינסטו?

רחמיאל

ווען זאל איך מיינען? איהם... פייווקען... קענסט דאך אהן איהם נאר ניט אויסקומען...

חיה שרה

(טוט זיך א כאפ ביין קאפ און זיפצעט זיך אב) אויסקומען אהן פייווקען? וואס מיינסטו?

רחמיאל

וואלסט זיך ניט קענען בעגעהן היינט אהן איהם?

חיה שרה

בעגעהן זיך אהן א י ה ם? רחמיאל, וואס רעדסטו? פייווקע איז דאך מיין רעכטע האנד... אלעמאל ובפרט היינט... איצט... איהם איז דאך פאר מיר קיין זאך אין דער וועלט ניט צו שווער... ער וואלט דאך פאר מיר אין פייער און אין וואסער געהן... די פיס וואשען און די וואסער טרינקען... ער פאר מיר, א קלייניגקייט... א ביסעל!... (זי טוט א שפרייז איבערן שוועל ארויסצוגעהן.)

רחמיאל

חיה־שרה! הער! איך בעט דיך... אפשר פארט... אה!

חיה שרה

זיסינקער! האלט מיך ניט... נעה גיך צוריק הינטערן לייוועגד... טו, ווי איך הייס דיר...

רחמיאל

דו פערשטעהסט ניט...

חיה שרה

וואס, רחמיאל?

רחמיאל

איך וויים ניט... דאכט זיך אזוי גאר ניט, אבער זעה איך איהם לע־בען דיר...? (עס דערהערט זיך א פייף נים קיין זעהר הויכער.)

חיה שרה

טאטע אין הימעל! גיכער ווי איך האב געמיינט... סטעפאן, דו בלייב דא א ווײַלע... קען דיר דארפען... (זי לויפט אריין צו רחמיאל'ן הינטער'ן גארדין) זיסינקער, טו ווי איך הייס דיר און גאט וועט אונז ארויסטראגען פון דער סכנה...

רחמיאל

(הינטער'ן גארדין) ער, כביכול, אליין קען אונז העלפען... (עס דערהערט זיך נאך א פייף.)

חיה שרה

זיי מוזען זיין נאהנט פון קרעטשמע... גיך, רחמיאל, מיין לעבען!

פייוועקע

(קומט האסטיג אריין) וואו איז חיה־שרה'לע?

סטעפאנקע

אן, הינטער'ן קרעטשעם, הא?

פייוועקע

חיה־שרה'לע, דו הערסט?

חיה שרד

יע, יע, נו?

פייוועקע

ווארט, איך געה ארויס; וועל שטעהן פון יענער זייט פענסטער... האלט עם אפען... וועסט מיך הערען... וועל דערווייל קוקען וואו מען דארף... הער־צו! זיי זיינען נאך ביין קרעטשמע. וועלפקע האט אבגעשטעלט זיין בויד... אריינגעשיקט אהין א חברה־מאן. קלערט, משמעות, מיר בעהאלטען זיך דארטען... קאפ ניט אויסגע־דארט... הער, חיה־שרה'לע! 'ך האב ביי זיך בורדיוקען, ער וועט נעהמען בילען, ווען זיי קומען נאהנט אהער־צו־צו! טאמער ניט, וועל א י ך א ביל טאן ווי א הונד. נאר בורדיוק וועט טאן דאס זייניגע... בילט אויף יעדען פרעמדען פערד.

חיה שרה

האלט, פון דעסטוועגען, דערווייל די אויגען אפען, פייוועלע! ווארט, רחמיאל, אט אזוי... ניט גערירט זיך בעת זיי קומען אריין... וועל

נור אויף איין רגע׳לע עפענען דעם גארדין... אויף איין רגע... איצט וועל איך אויפוועקען די באבען... איהר אנזאגען... גיב מיר כח, טאטע אין הימעל. (דערשטיקט די טרערען אין האלז מיט גרויס אנשטרענגונג.) פייוועלע, הייסט עס, ווען איך הער א געביל, הויב איך אן צו קלאגען, זיך איינהאלטען איז שווער... סטעפאן, געה ארוים און בלייב ניט ווייט פון טיהר. דו, פייוועלע, שטעה אט דא ביין פענסטער. (זי געהט ארויס, הינטער איהר סטעפאנקע.) איין רגע׳לע, רחמיאל זיסער! איין רגע!

פייוועקע

(הינטער׳ן פענסטער, ווי פריהער) סטעפאנקע, א י ה ר פאלגען און וויטער גארנישט.

סטעפאנקע

(אויך דרויסען; ער זעהט זיך ניט) פאניאטנא! (לאזט אראב דעם קול) זעהט זיך נאך גארנישט.

פייוועקע

גארנישט דערווייל, גארנישט! סטעפאן, טאמער וועט נויטיג זיין א קלאפ?

סטעפאנקע

נו, בראט... ניט געזארגט...

פייוועקע

איך בין אויך ניט קיין שוואכער בחור׳ל. אבער ווארט ביז זי הייסט. א י ה ר פאלגען, פערשטעהסט? (עס דערהערט זיך א שרעקליכער יאמער־געשריי אהן ווערטער; חיה־שרה קומט אריין.) דאס איז באבע־רויזע! מע האט איהר אנגעזאגט אז... שוין מיט אלע־מען. א רחמנות אויף די אלטע...

חיה שרה

(קומט אריין) די באבע נעבעך! זי וועט דאס ניט אויסהאלטען... רחמיאל׳ינקע, שטיל! (עס הערט זיך דער געביל פון א הונד.) שוין! (זי זעצט זיך אויף א טאבורעטקע ביין האלב געעפענטען גארדין, מיט׳ן רוקען צום פובליקום, אריבערגעבויגען איבער רחמיאל׳ן) שש... מיין טייערער! (הויבט אן צו קלאגען; א פאאר מינוט וויינט זי מיט א

גרויסען יאָמער אָהן ווערטער, ווען זי הערט די טריט פון די כאַפּערס זאָגט זי :)

א העלישער פייער האָט איהם אָנגעצונדען!
אָיי, ווינד און וועה איז מיר!
אָיי, רחמיאל'ינקע, וואָס טו איך איצט אָהן דיר?

## דריטע ערשיינונג.

(די טיר עפענט זיך און עס קומען אַריין וועלפקע מיט דריי כאַפּערס. אין דעם אויגענבליק הערט זיך ווי הינטער'ן טיר זאָגט :)

סטעפּאַנקע

נאַפּראַסנאַ, גאָספּאָדאַ! גיטאַ דאַ וואָס צו זשוכען. געשטאַרבען, גאָספּאָדאַ...

(די כאַפּערס בלייבען שטעהן ווי צוטומעלטע; חיה־שרה'ס קלאַג מאַכט אַ רושם; קוקען פון איהר אויף באָבע־רויזען און פון דער אַלטער אויף איהר; פּלוצלונג טוט וועלפקע אַ ציעה אָן אַ זייט דעם פאַרהאַנג. אויף איין אויגענבליק זעהט זיך פאַר'ן גאַנצען עולם רחמיאל, אַלס אַ מת אויף דער ערד, צוגעדעקט מיט אַ מכסה, צוקאָפּענס און אַ גרויסע וואַקס־ליכט אָן אַ זייט. די גאַנצע צייט האַלט חיה־שרה אין איין קלאָגען. ווען וועלפקע אָדער אָן אַנדערער רעט, קלאָגט זי אָהן ווערטער. זי און באָבע־רויזע רעדען קלאָגענדיג דורך די גאַנצע סצענע.)

חיה שרה

אָיי, טאַטע אין הימעל, ווי האַרט שטראָפסטו מיך זינדיג אידיש־קינד!

— ווינד און וועה איז צו מיינע יאָהרען!
— רחמיאל'ינקע, מיין זיסינקער, מיין טייערער, מיין האַר־ציגער, וואָס ווערט הייגט פון מיר!
— אָיי, וועה און וויסט איז מיר!
— אָיי, אַ דונער האָט איהם איינגעשלאָגען!
— אָיי, וועה און וויגד איז מיר!

— אױ, טאטינקע, אַ בײזער שטורעם האָט אַ יונגען בוימעלע אױסגעריסען!

— װינד און װעה איז צו מײנע יאָהרען.

— אױ, אַ קאָסע אַ שאַרפע האָט איהם װי אַ זאַנג אָבגע־שניטען!

— רחמיאל, טײערער, אײדעלער, יחסן, געלערנטער מײנער, װאו קומסטו איצט אַהין? !

— אױ, רחמיאל׳ינקע, די שכינה האָט דאָך אױף דיר גע־רוהט!

— אױ, פון אַ ליכטיגע שטוב אין אַ פינצטערע גרוב!

— אױ, פינצטער װערט דאָך מיר אין אַלע פיער װינקעלעך מײנע!

— טאטע, בארמהארציגער, פאַר װאָס קומט דאָס מיר?

— אױ, פאַר װאָסערע זינד האָסטו מיר אַזאַ שװאַרצען יאָהר אָנגעשריבען!

— אױ, װײסט און װינד איז מיר!

— פאַר װאָס קומט מיר אַזאַ פינסטערע חתמנו, גרויסער גאָט אין הימעל?

— אױ, װעה איז מיר! (זי װײנט װײטער, אָהן װערטער.)

װעלפקע

בלאָפּצעס, ׳ס װײזט אױס מיר קריעגען אַ טױטען העכט אין נעץ אַרײן.

אַ כאַפּער

האָט טאקע געלױנט, װי איהר זעהט מיך אַ אידען, צו פליעהען װי די רוחות צו אַ נאָװאָבראַנעץ אױפען טהרה־ברעט!

אַ צװײטער כאַפּער

און דערװײל קען אונז אַנטרינען דער יונגער בוים פון סטאַראַ־לופּקע.

ערסטער כאַפּער

אַנטרינען! אַ ליאַרעם איבער דער גאַנצער גובערניע און געכאַפּט אַ קרײנק! עסקים, װי איהר זעהט מיך אַ אידען.

צווייטער כאַפּער

קריגען מיר איהם ניט אריין היינט ביי נאכט אין זאק אריין, קענען מיר איהם מאָרגען שיטען זאַלץ אויפ'ען עק.

ערשטער כאַפּער

קומט, אידען, מיט איהם וועט זיך שוין חברה־קדישא ספּראַווען. מיר דאַרפען סחורה, וואָס צאַפּעלט זיך אין נעץ. קומט!

וועלפקע

ציעה אויף! וואָס ברענסטו? (צו באָבע־רויזען) הערט, אַלטע, ווען איז ער געשטאָרבען?

באָבע רויזע

(קוקט איהם אָן און קלאָגט שטילערהייט ווייטער.)

וועלפקע

ווען איז ער נפטר געוואָרען?

באָבע רויזע

(קלאָגענדיג) ווער? ער? היינט איז ער געשטאָרבען, היינט איז ער ניט געוואָרען.

וועלפקע

נו? און די לויה? מיט חברה־קדישא מושווה געוואָרען?

פּייוזקע

(דורכ'ען פענסטער) אייער עסק, ניין?

וועלפקע

וואָס? אָה דו סמאָרקאטש איינער! ער רעט אויך! א פּיסק א ביסעל!

חיה שרה

(קלאָגענדיג) גזלנים! האָט איהר דאָס קיין אנדער אָרט ניט? איי, א וויסטער קלאָג צו מיר!

ערשטער כאַפּער

נו, וועלוועל, וואָס מארודען מיר דאָ. אין סטאראָלופּקע ווייס מען געוויס שוין אז מיר זיינען אויפ'ן וועג. נאָך א ווייַלע געפינען מיר דאָרטען א פּוסטען נעסט.

וועלפקע

נערעכט, בראט, נערעכט! מע דארף געהן ווייטער. כלאפּצעס, נאפראוואַ שאגאַם, מארש!

חיה שרה

(הויבט נאָך העכער אויף דעם קול)

— אָיי, רחמיאל׳ינקע מיינער! אָיי, וועה איז מיר!

— איצט קומען די קברנים און איך האָב מיין וועלט פער־שפּיעלט!

— אָיי, רבונו של עולם! פאַר וואָס בין איך אַ לעבעדיגע פון מיין מאַמעס לייב ארוים?

— אָיי וועה איז מיר!

וועלפקע

(בעוויייזט זיך פון דאָס ניי אין טיהר) כלאַפּצעס, אהער־צו־צו! אפשר — אַ מאַלאַ וואָס קען זיך טרעפען? — אפשר מולירט מען אונז און... דער בעל־דבר איז גאָר ניט טויט? וואָס זאָגט איהר, חברה?

חיה שרה

(מאַכט זיך ניט הערענדיג און קלאָגט אין דעמזעלביגען קול, אָהן וואָר־טער.)

וועלפקע

אַמאָל טוט אַ איד אַ אידען אָב אַ שפּיצעל און נאַש־בראַט איז די כפּרה.

ערסטער כאַפּער

שטות! אַ ווערטעל איז ביי אונז דאָ: „זאָגט מען געשטאָרבען — גלויב!"

וועלפקע

ניט אין צייט פון אַ נאַבאָר, ר׳ קרוב! דאָ קען אַלץ טרעפען. וועלטען, פערשטעהסטו מיך, קעהרען זיך אין אַזעלכע צייטען אי־בער; נסים געשעהען פון אָנהויב נאַבאָר ביז לאחר הפריאַם. איך, פערשטעהט איהר מיך, כלאַפּצעס, בין פון די אַלטע היהנער־פרע־סער. וואָס איך האָב זיך מיט מיינע אויגען אָנגעזעהען ביי

אונזערע אידעלעך אין מיין צייט וואָלט מען גענומען אין א מעשה־ביכעל אריינשטעלען! געזעהן האָב איך, כלאָפּצעס, ווי נאָכ'ן פריאָם זיינען בעהאַלטענע, ווי קראָטעס, פון דער ערד ארויסגעקור־מען; בלינדע האָבען ווידער אָנגעהויבען צו זעהן, טויבע זיינען הערענדיג געוואָרען און שטומע האָבען אָנגעהויבען רעדען. א קשיא אויף א מעשה, ווער וויים? אפשר ווערען טויטע לעבעדיג?

ערסטער כאָפּער

וואָרום, וואָס מיינסטו צו טאָן, וועלוועל?

וועלפקע

טשאָרט איך זנאַי! 'ך קלער, שאַדט ניט א קוק צו טאָן?

חיה שרה

(אין מיטען קלאָגען) דו וועסט ניט סמייענען, רוצח! ניט גענוג דיר איבערענטפערן אידישע קינדער אין גוי'ישע הענט, ווערסטו נאָך קריעכען מיט דיינע טריפ'ענע לאַפּעס צו א ברמינן, א טייערן! (מיט א שרעקליכען יאָמער־קול) אַיי, גאָטינקע, איז דאָס נאָך מיין מאָס ניט געווען פארפול, אז דו האָסט די שדים אויף מיר אָנגע־שיקט? אַיי, א גרויסער קלאָג איז מיר געשעהן!

באָבע רויזע

(הויבט אָן העכער צו קלאָגען.)

ערסטער כאָפּער

זאב־וואָלף! ביזט, דאַכט זיך, א איד ניט קיין נאַר, וואָס דראַפּעסטו זיך אויף גלאַטע ווענט? וואָס מאַכסטו זיך צום נאַרען?

חיה שרה

צום נאַרען? א גזלי אין וואַלד וואָלט אזוינס ניט געטאָן? אַיי, וועה איז מיר!

וועלפקע

ווייבעל! מוסר ניט! וואָס מען דאַרף טו איך און פאַר קיין ספּאָרניצע האָב איך ניט קיין פּחד. (אין א ווייכערן טאָן) פער־שטעהסט?

ערסטער כאָפּער

זאב־וואָלף! הער מיך אוים! איהר, ווייבעל, שרייט נים אזוי.

לאזט א מענשען רעדען. אט ווי דו זעהסט מיך דא, ברודער־לעבען, וואלט איך גיכער אין פייער שפרינגען, אין א פוסטע חורבה נעכטיגען מיט די ניט־גוטע אהן א מזוזה, — אלץ, הערסטו? אלץ, גיכער איידער זיך לעגען אויף דער ערד אונטער א מכסה, מיט ליכט ארום זיך, מיט'ן גאנצען מעבר יבוק, אויף דעם אופן!

צווייטער כאפער

(וועלפקען אין אויער) און זעה נור אן א ביסעל די אלטינקע מיט דער אלמנה. דאס איז ניט געמאכט, ר' וועלוועל... דאס איז... פאר איין גוט ווארט הויב איך אליין אן כליפען.

וועלפקע

נו, אז צוויי זאגען שכור, מוז דער דריטער זיך לעגען שלאפען... הגם נסים, כלאפצעס, געשעהען אין נאבארען: האב זיך ניט נעכטען פון איי ארויסגעקאלופעט און וועלוועל־חנה־ציפעס האט עפעס געזעהן און געהערט, אנגעזעהן זיך און אנגעהערט זיך... אין זיין צייט. ניט א שמעק טאבאק, ר' קרוב! (דער ערסטער כאפער גיט איהם) און אנגעשמעקט זיך האבען מיר אויך זינט מיר זיינען פון די ווינדעלעך ארויס... ניט ליאדי נאז איז א שמעקער, ר' קרוב!

חיה שרה

איי, וועה איז מיר! וואו ער האט זיך אוועקגעשטעלט דרשה'נען, דער ימח־שמו'ניק! איי, וועה איז מיר! ווינד איז מיר!

ערסטער כאפער

טאקע אזוי, ר' וועלוועל. פאר אייער מענה־לשון איז דא ניט דער ארט. איהר, ווייבעל, דארפט פון דעסטוועגען, בושה האבען פאר אן עלטערן. און הערצער האבען מיר אויך. אייער צער אודאי גרויס... ווער פערשטעהט דאס ניט. האב אליין ערסט פאר א יאהרען א טאכטערל, ווי א בלום האט דאס געבליהט, אויפ'ן פלונגיאנער בית־עלמין אוועקגעלעגט...

וועלפקע

הייסט עס, כלאפצעס, וילך... מיר נעהען! הא?

(ער און די כאפערס געהען ארויס. חיה־שרה הויבט אויף דעם קאפ, הערט אבער ניט אויף צו וויינען. באבעדרוויזע קלאגט אויך

וזי פריהער. פייוזקע ביים פענסטער דרויסען קוקט נאך די כאפערס און ווינקט צו חיה־שרה'ן. אזוי פערגעהען לערך צוויי מינוט. ענדליך בויגט זיך פייוזקע איין און גיט א ביל.)

ווּעלפקע

(בעוזייזט זיך ווידער אין טיר) כ'לעבען ער איז נערעכט, דער גוי, דער בעל־עגלה אונזערער! וואס הייסט דאס עפעס אוועקגעהן נאר מיט ליידיגען? שייך איז דאס אין מיכאל'ס שטוב ניטא א פלעשעל אדער צוויי... און אז געשטארבען איז וואס? א שנאפס מאכט חברה־קדישא אויך. (פאר זיך) א רחמנות אויף די ווייבעל איז שוין נאר א גרויסער, אבער, קודם (אין דער הויך, מיט א נארישען שמייכעל) קודם, ווי זאגט יענער? „אז מי שטארבט ווען מ'יז יונג איז אויף דער עלטער ווי געפונען". און קהל'ס גומען איז טרוקען. נו, מאכט ניט קיין שהיות! א זופ אהער, און טאקע א פייערדיגען, עפעס אזוי א... פינף און ניינציגער!

חיה שרה

(מאכט זיך ניט הערענדיג און קלאגט אהן אן אויפהער.)

באבע רויזע

זופען זאלט איהר סם, איהר, בייזע העלזער! ווע איז מיר ווע איז צו מיינע אלטע יאהרען... דא ליעגט א ברמינן אויף דער ערד (חיה־שרה דערלאנגט א היסטערישען געשריי) און זיי, די טייוואלים, די רוחות, די כת־ליצנים, די... די... פערוועלט זיך משקה... איי, א גרויסער קלאג צו אייך!

ערסטער כאפער

(קומט אונטער) זאב־וואלף, ניט שעהן כ'לעבען! אנב ווערט שוין פינצטער. לאמיר זיך זעצען אויפ'ן פוהר. קום! קום!

וועלפקע

מילא, געהט מען! איהר, אלטע מכשפה, שילט ניט, איהר הערט?

ערסטער כאפער

קום, קום! מיט וועמען ער שטעלט זיך דא ווערטלען? האט

זי געשאָלטען! אַ פאַרביטערטע הארץ... און, אגב, ווי זאָגט מען? פון מויל אין בוזים אַריין איז נעהנטער. קום, ס'ווערט שפּעט.
(זיי געהען אַרויס. חיה־שרה הויבט אָן נאָך שטאַרקער צו קלאָגען. פּייווקע קומט נעהנטער צום פענסטער. לאָזט פון חיה שרה'ן ניט אַראָב די אויגען, אַליין שוין פול מיט טרעהרען. חיה שרה דער־זעהט איהם און ביסלעכווייז וואַרפט זי אַריין אַ וואָרט קלאָגענדיג. פּייווקע פערשטעהט איהר.)

חיה שרה

אַיי, וועה איז מיר! אַיי, דו פינסטערער מזל מיינער, וואָס ווערט דאָ היינט פון מיר? אַיי, פּייוועלע, די הארץ זאָגט מיר די שדים קעהרען זיך נאָך אומעט!

פּייווקע

(מאַכענדיג מיט די הענט גיט ער איהר צו פערשטעהן, אַז ער הויבט אָן צו בילען אויב זיי ווייזען זיך ווידער.)

באָבע רויזע

חיה־שרה'לע!

חיה שרה

וואָס ווילט איהר, באָבעניו?

באָבע רויזע

איך? וואָס איך וויל? וואָס זאָל איך וועלען?

חיה שרה

האָט איהר מיר ניט גערופען? אַיי, וועה איז מיר!

באָבע רויזע

איך? האַ? יע... צוטומעלט איז דער מח מיינער, דער אַלטער! עפּעס... געוועלט האָב איך... אַיי, וועה איז אונז אַלעמען, הער!

פּייווקע

(לאָזט זיך אַראָב און טוט אַ שטילען ביל אין צימער אַריין.)

חיה שרה

שווייגט באָבע, זיי קומען צוריק אהער! (זי און די באָבע קלאָגען ווייטער אויפ'ן קול, אָהן ווערטער.)

פייווקע

(אין טיהר) איצט, חיה שרה, רעדען זיי מיט מיר. ענטפער זיי דו גאר ניט. איך און בורדיוק וועלען זיך מיט זיי ספראוועגען, האב קיין פחד ניט.

חיה שרה

(אליץ קלאגענדיג) פייוועלע, זעה, לאז בעסער דיינע איבערגעהן. מאך ניט קיין מהומה און... טאמער ווילען זיי קאריק אריינקומען אהער, לאז זיי... זיינען זיי נאהנט?

פייווקע

האבען זיך אבגעשטעלט. עפעס זיינען זיי זיך מישב. איין כאפער ווייזט מיט׳ן פינגער אויפ׳ן קרעטשמע. בורדיוק, בורדיוק! (דער הונד הויבט אן צו בילען.)

באבע רויזע

פייווקע, גזלן, טרייב אוועק דעם כלב דיינעם... דא ליעגט א בר־מינן און... און איין ווארט מי בילט! ווער איז מיר!

חיה שרה

(אליץ קלאגענדיג) רחמיאל׳ינקע, נאך א ווײלע ווארט, מיין טייע־רער! איי, ווי ביטער און פינצטער איז מיר היינט! ריהר זיך ניט, טאמער קעהרען זיי זיך אום׳עט!

פייווקע

בורדיוק! (ביין פענסטער בעווייזט זיך וועלפקע) וואס שוין וויע־דער?

פ י ע ר ט ע ע ר ש י י נ ו נ ג.

וועלפקע

(אין טיר) דו, קליין כארמאגאיי, בושה פאר אן עלטערן! וואס פאר א ליארעם די ווייבער מאכען! הער־זשע! ווי ווייט איז פון דאנען צו סטאראלופקע?

פייווקע

גוטע צעהן וויארסט.

וועלפּקע

איז דער בריקעל איבערן אַזערע נאַדיאַזשנע?

פּייווקע

איהר רעט ווי אַ נאַטשאַלניק. וואָס מיינט איהר?

וועלפּקע

אונזער בויד איז אַ שווערע... איז זיכער?

וועלפּקע

געהמט דעם אַנדערן וועג?

וועלפּקע

וואָסער׳ן?

פּייווקע

פאַרביי מיין טאַטענ׳ס מיהל, פאַזע וואַלד, אַרויף באַרג, צו פאַן טאַרקעוויטש׳עס מאַיאָנטיק צו.

וועלפּקע

איז דאָס פיעל ווייטער ווי יענער וועג?

פּייווקע

איהר לעגט אויף אַ וויאַרסט דריי־פיער.

וועלפּקע

און דער בריקעל, זאָגסטו, איז ניט זיכער?

פּייווקע

איך זאָג? איך זאָג גאָר נישט. אַליין רעט איהר, אַליין ענטפערט איהר זיך.

וועלפּקע

אַ הינטישע מויל אַ ביסעל! ווען ניט דיין טאַטע, וואָלסטו ביי מיר געכאַפּט אַ פּאָאַר פלאַם־פייערדיגע פעטש... די אויגען וואָלטען דיר פון קאָפּ אַרויס, חצוף דו איינער.

פּייווקע

(מיט אַ קוק צו חיה־שרה׳ן צו) לאָז מיינע איבערגעהן.

(וועלפּקע געהט אַוועק, פּייווקע קוקט איהם נאָך.)

חיה שרה

טאטע אין הימעל, וועט דאס גאר קיין סוף ניט נעהמען? איי, וועה אין מיר?

פייווקע

האלט אן, חיה־שרה׳לע! דער שווארץ־יאהר וויים זיי... זיצען דערווייל נאך נים אלע אין פוהר... האלט אן, דיין קול דערגעהט ביז דארטען... טארסט ניט אויפהערען קלאגען... זיי זעצען זיך... וואס אי דאס? א נייער ׳שווא־דעת! איינער פון זיי קריעכט צוריק אראב פון וואגען. געהט אהער!... (חיה שרה הערט איהם ניט.) בורדיוק! בורדיוק! (טוט אליין א ביל אין פענסטער אריין.)

## פינפטע ערשיינונג

ערסטער כאפער

יונגער בוים! גיט אונז א לאכטערנע. האבען דא אומזיסט און אומנישט ארום אייך געפאדעט, צו אלדי שווארץ יאהר, און דער־ווייל איז שפעט געווארען. וועג אויף לענגער ווי גערעכענט. וועלוועל חכם! קאב־ציבע־פאראליץ!

פייווקע

באבע־רויזע! באבוניו!

באבע רויזע

וואס אי?

פייווקע

איז דא א לאמטערנע אין שטוב?

באבע רויזע

וואו? אין שטוב? א לאכטערנע? דאכט זיך אז יע.

פייווקע

וואו׳ז עס? וועל געהן זוכען.

באבע רויזע

צו־וואס דארפטו א לאכטערנע?

פּייווקע

ניט איך דאַרף, דעם איסבאָרשטשיק׳ס מענש דאַרף. וואו? זאָגט וואו? גיכער, באַבוניו!

באָבע רויזע

זעה, זעה, אָנגעשפּאַרט, הא? וואַרט, וואַרט, ׳ך על ברענגען. אַליין וועל איך ברענגען... א ביסעל אָנגעשפּאַרט! ׳ך געה. (זי געהט לאַנגזאַם, ווייטענדיג, אַרויס פון צימער.)

כאַפּער

הער, יונגער בוים! נעהנטער אַהער קום! (פּייווקע בלייבט [פון דרויסען] ביים פענסטער.) נו, איז רעכט אַזוי; הער־זשע!

פּייווקע

נו? רעט שוין, רעט!

כאַפּער

זי ליאַרעמט, נעבעך, אַזוי! א גרויסער וואויל־לערנער געווען רחמיאל, ניין?

פּייווקע

געווען, געווען!

כאַפּער

דער באַברויסקער חריף! געהאַט א שם, ניין?

פּייווקע

זי וועט דאָס ניט אויסהאַלטען.

כאַפּער

לאַנג נאָך זייער חתונה?

פּייווקע

הערט, שטאַרבט א ווייבעל פון שברי־לב?

כאַפּער

טרעפען קען אַלץ? דו ווייסט? אַזעלכען ווי איהם איז נאָר א שאָד אָבצוגעבען פאַר א זעלנער, ביי מיינע אידישקייט! נאָר ווער איז שולדיג? מיכאל אַליין. האָט גענומען קהל אויף זיכער... א שטייגער זיין רחמיאל׳ן וועט מען זיך ניט אָטוואַזשען צו נעהמען... א יחסן, א למדן, א זיידענער יונגער מאַנטשיק... גראָבער

יונג, רייך ווי קרח... דארף ניט קיין אַכוואַטניק... מי וועט זיין איידים ניט סמייענען צו נעהמען... קאַב־ציבע־פּאַראַליץ!

פּייוּוקע

און, ר' איד! הערט! אַז, הייסט עס, מע שטאַרבט פון שברי לב איז דאַס, הייסט עס, טאַקע פּלוצלונג, גענומען און געשטאָר־בען? אָדער...?

כאַפּער

פרעג מיר א גרינגערעזאך... ער, עליו השלום, הער איך איז געווען גאַר פון גרויסע מיוחסים, נעקנאַטען און געבאַקען פון רבנים, זאָגט מען, מעהר נישט פון אָרעמע עלטערן. פאַלט דאָס אַזוינער אריין צו א ישוב'ניק, א גראָבע פּוזע, אין די הענט...

פּייוּוקע

זאָגט איהר, מען נעהמט און מע שטאַרבט! הא?

כאַפּער

וואָס דולסטו א מח? (אריבערקוקענדיג צו חיה־שרה'ן) און דאָס הערט ניט אויף צו קלאָגען... א גרויסער רחמנות, ווי דו זעהסט מיך א אידען. הער, יונגער בוים, זי, די אלמנה, משמעות, זעהר א געלערנטע, ניין? קלאָגט, דאכט זיך, מיט פּסוקים? ניין?

פּייוּוקע

און דיר־נישט, מיר־נישט טויט? עס נעהמט אַן אַן אימה...! (אין א ניעדריגערען קול) זי איז א געלערנטע... מעהר געלערנט פאַר אונז אלעביידע... א בת־יחידה, פערשטעהט איהר, א מלמד פאַר איהר געהאַלטען... עפּעס א שפּאַס חיה־שרה'לע!

כאַפּער

דו ווייסט? עס פערנעהמט פאַר'ן הארצען ווען מי הערט א יונגע ווייבעל אזוי קלאָגענדיג. נאָש־בראַט איז דאך צו יללות געוואוינט, מעלדיך, אָבער... איי, זאַמט זיך די באַבע...

פּייוּוקע

און, ווייסט איהר? זי האָט איך כח, האָט זי! און פלינק איז זי אייך! לויפען, שפּרינגען, טאַנצען! מיט ליכט צו זוכען,

אוינגען אויסצוקוקען, אזוינע געפינט איהר ניט פון סאַט ביז ריטע־וועו... פעטער!

כאַפּער

די לויה וועט מסתמא זיין מאָרגען פריה, ניין?

פּייזוקע

(שאָקעלט אונבעשטימט מיט'ן קאָפּ.)

כאַפּער

בלי נדר! אויב מיר פאָהרען דעם וועג קאַריק פון סטאַראָלופּקע, קום איך צו דער לויה... הערסט? איך קום, ווי דו זעהסט מיך א אידען!

(עס דערהערט זיך פון ווייטען וועלפּקע'ס קול, אונגעדולדיג און אין כעס שרייענדיג: „נו...?")

כאַפּער

(שרייט צוריק) מי'ז געגאַנגען נאָך א לאַכטערנע. (צו פּייזוקען) איי, זאָמט זי זיך די אַלטע? א יאָהר א ריהר! שיק אזעלכענע, ווי דער ווערטעל געהט, נאָכ'ן מלאך המות, וואָלט רחמיאל גע־לעבט און געלעבט... אהא! אָט איז זי און שלעפּט א לאַכטערנע און א רעכטס... אָבער א גאַנג א ביסעל! (וויל צוגעהן נעהמען די לאַמטערנע.)

באַבע רויזע

(אין א וויינענדיגען קול, ווי פריהער) כאַפּ ניט! וואָס אי דאָס פאַר א בייזע היילענים אויף דיר..? פאַר'ן כאַפּען ניט מען ביי לייטען איבער די הענט. איי, וועה איז צו מיינע יאָהרען!

כאַפּער

גיט, באַבע, גיט! מאַכט ניט קיין שהיות!

באַבע רויזע

גיט? וואָס הייסט גיט? וואָס פאַר א מחותן זייט איהר צו דער לאַכטערנע? פּיעל אויף איהר די בויך אייך וועה געטאָן? גיב איהם?! איי, א חורבן א גרויסער!

פייוזקע

גיט איהם, באָבע! ניט איצט איז די צייט זיך צו רייסען מיט זיי...

באָבע רויזע

ווער רייסען? וואו רייסען? איי, א חורבן א גרויסער! (צום באפּער) נאַ־דיר, אָבער ברענג עס צוריק, דו הערסט? איי, איי, איי! אַלע בייגער ברעכען מיר... חיה־שרה, מיין קינד! וועל געהן זיך צולעגען א ווײַלע. (געהט לאַנגזאַם ארויס, מיט אַ שטילען געוויין.)

(דער באפּער האָט גוט בעקוקט די לאָמטערנע, האָט זיך בעוואָרענט אז ער האָט שוועבעלעך; געהט ארויס. פייוזקע קוקט איהם נאָך מיט אַן אָנגעשטרענגטען בליק. אַ קורצע פּויזע.)

פייוזקע

חיה־שרה'לע! זיי זעצען זיך שוין אַלע אויס אויפ'ן פוהר. אַלע, דער איד מיט דער לאָמטערנע קריעכט אויך אַריין! (ער ציעהט אָב דעם אָטהעם.) אה, אַ סוף־אָן־עק! פּטור פון זיי!

(עס הערט זיך ווי אַ וואָגען טוט אַ סקריפּע און דער קנאַל פון אַביימש.)

חיה שרה

(צום ערסטען מאָל אין איהר געוועהנליכען קול) אוועק, די מלאכי חבלה! געלויבט זיין הייליגער נאָמען דערפאַר... איצט, ווארט, פייוועלע! קוק ארויס אויפ'ן וועג... זיי קענען נאָך חלילה צוריק־קומען... אויף זיי אַ קשיא! וואו איז סטעפּאַנקע?

פייוזקע

ער מוז זיין אויפ'ן וועג. וויל אויך זיין זיכער, אז מיר זיינען פּטור פון זיי.

חיה שרה

(צום מאַן צו) רחמיאל'ינקע, נאָך עטליכע מינוט ליעג אַזוי... ריהר זיך נים פון אָרט... מי דאַרף זיך אויף אַלץ ריכטען מיט אזעלכע טייוואָלים. (ווערט אַלץ אויפגערעגטער) נו, פייוועלע?

פייוזקע

(פון יענער זייט פענסטער) אוועק, דאכט זיך, אוועק... איצט שוין

מיט אַלעמען... הער, חיה שרה, דער כאַפּער וואָס איז צוריקגעקומען נאָך דער לאַכטערנע...

חיה שרה

(אין אַ נייעם שרעק) יע... יע!

פּייווקע

קלייבט זיך אהער מאָרגען פריה. וויל זיין ביי דער לויה... מאָרגען טאָר דאָ אין הויז קיין שריד ופּליט ניט בלייבען.

חיה שרה

פערשטעהט זיך, וואָס אי דאָ צו רעדען! היינט אויך ניט. ניט דאָ אין שטוב... אפשר ביי אייך אין מיהל... לאָז נור גוט פינסטער ווערן. (צום מאַן צו) רחמיאל, זיסינקער מיינער, נאָך איין מי־נוט! אפשר אַ האַרעלע לענגער... נאָך איין ווייליכקע... פּייוועלע, דו בלייב ביין פענסטער... בעסער אויפריכטיג זיין... איך לויף ארויף אויפען בוידעם... וועל צורעכט מאכען אַ געלעגער, טאָמער מוז ער דאָ פאַרט נעכטיגען היינט... (זי געהט אַרויס.)

פּייווקע

(רופט דורכ'ן פענסטער) רחמיאל, רחמיאל! האָט ניט קיין מורא, ענטפערט! זיי זיינען אוועק! ווי איך בין אַ איד — אוועק! אביסעל איינגעשראָקען! ער ענטפערט ניט. (שפּרינגט אַריין דורכ'ן פענסטער.) לאָמיך אַ קוק טאָן... (רייסט פאַנאַנדער די גאַר־דינען. אויף דער ביהנע איז דונקעלער געוואָרען: איין ליכט איז אויסגעגאַנגען. מען זעהט רחמיאל'ן אויף דער ערד). רחמיאל! רחמיאל! קיינער ניטאָ, קיינער ניט! אוועק מיט אַ נאַז... געוועלט בייקומען חיה שרה'לען, ניט דערלעבען וועט איהר'ם! שטעהט אויף, רחמיאל, שט... אָט איז זי אַליין.

חיה שרה

פּייוועלע! איצט פערשלים טיר און טויער! וואַרט, איך'ל אַליין ארויסלויפען אַ קוק טאָן. (לויפט אַרויס און קומט באַלד צוריק.) גאָט צו דאַנקען, ארויס פון סכנה... זעהט זיך קיינער ניט... פון יענער זייט, צו האָלאָזעם צו, הערט זיך אַ בייטש... נעווים אַ בריטשקע... אַ פריץ פאָהרט... און אפשר... קלערסט, זיי קענען

אונז אָבטאָן אַ שפּיצעל און זיך אומקעהרען טאַקע ווען מיר מיינען אַז מיר זיינען... שוין גאָר ארויס פון זייערע לאַפּעס? לאָז... אָבער מיר זאָגט די הארץ אַז ניין. לאָז שטעהן אַ שטוהל ביים פענסטער... ׳ך וועל ארויסקוקען דורך דעם... דורך די לאָך אין לאָדען... (פּייווקע פערמאַכט דעם לאָדען און שטעלט צו אַ שטול.) אָט אזוי! דעם פענסטער לאָז איין העלפט אָפען! טאָמער דאַרף מען האָרכען... איצט פערשליסען די טיר... (זי שליסט צו.) זעה נור, פייוועלע, ווי ער פיהרט דאָס קלוג דורך זיין זאַך! חכם מיינער, קיין ריהר ניט, קיין פּיפּס! קלערט, זיי קענען נאָך אפשר צוריקקומען... ניין, ניין, ניין! (ווייזט זיך פאַנאַנדער) איצט וויין איך פאַר שמחה... פאַר שמחה, רחמיאל׳ינקע! קלוג ביז׳ן סוף, טאַקע, וואו תורה איז חכמה... (געהט אַריין צו איהם.)

פּייווקע

אָט, וועק איהם טאַקע דו אליין... איינגעשלאָפען, ניין?

(אין דעם אויגענבליק הערט זיך אַ קלאַפּ אין טיר. חיה־שרה שפּרינגט צוריק אַריין אין צימער, ניט טויט, ניט לעבעדיג.)

חיה שרה

צוריק! טאַטע בארעמהארציגער!

פּייווקע

(שטעלט זיך אויפ׳ן שטול) חיה־שרה, דאָס איז סטעפּאַנקע.

חיה שרה

(שפּייט אויס) טפו זאָל דאָס ווערען! מעהר ווי ד ע ר שרעק האָט מיר ניט געפעהלט.

פּייווקע

האָרך! ער רעט מיט אימיצען. חיה־שרה׳לע! מיכאל! דיין פאָטער! (ער עפענט אויף דעם לאָדען, עס דערהערען זיך שטימען פון דרויסען.)

סטעפאַנקע׳ס קול

קראַנק, זעהר קראַנק, דאַ, דאַ!

מיכאל׳ס קול

אַ שעהנע חתונה האָט איהר מיר דאַ אָבגעשפּיעלט.

חיה שרה

(צו פּיוווקען) ער איז נאָך נערעכט.

מיכאל'ס קול

מ'האָט געדאַרפט איהם לאָזען נעהמען. צום פריאָם נאָך ווייט... נאָך עטליכע וואָכען... וואָלט געקענט איהם אויסקויפען... אפשר וואָלט מען איהם גאָר פערבראַקירט. אין סלוזבע דאַרף מען מענשען, יונגען מיט ביינער, פלייש און בלוט און ניט אַ שלים־מזל'ניקעל ווי מיין איידעם, קאַם וואָס ער לעבט, אַ נעביכעל, קאַיי און שפּאַיי. זאָל ער מיר מוחל זיין! איז ער טאַקע זעהר קראַנק?

סטעפּאַנקע'ס קול

אָפּאַסנאָ קראַנק.

מיכאל'ס קול

שפּאַן ניט אויס דעם פערד. לאָמיר איהם אריינפיהרען אין שטאַל. וועל אַרויסנעהמען מיינע זאַכען. האָב אַ סך פּאָקופּקעס. דעם פערד לאָז שטעהן. אפשר דאַרף מען אַ צירולניק אָדער אַ דאָקטאָר... (געהט אַוועק מיט סטעפּאַנקען.)

חיה שרה

האָט געלוינט צו האָרכען. שנעל צוריק צו רחמיאל'ן! טאַמער קלאַפּען זיי איידער איך ברענג אריין רחמיאל'ן אהער, עפען אויף. איצט מעג אפילו וועלפּקע צוריקקומען. (זי לויפט נאָך אַמאָל אריין הינטערן גאַרדין.) רחמיאל, רחמיאל'ינקע, איינגעשלאָפען? (אַ קורצע פּויזע, דאַן שרייט זי אויס אין גרויס שרעק) גע'חלש'ט! פּייוועלע, ער האָט גע'חלש'ט! גיך, וואַסער! עסיג! העלף מינטערן!

פּייווקע

(בלייך ווי קאַלך) 'ך לויף!

חיה שרה

רחמיאל'ינקע, זיסינקער, ענטפער מיר! ענטפער דיין חיה־שרה־לען! האָב רחמנות אויף מיר! אַיי, וועה איז מיר! אָבער וואַרט, מיין טייערער, מיר'עלן דיר אָבמינטערן! אַ קליינינקייט

אביסעל, אזא שרעק! (פייווקע קומט אריין מיט וואסער) וואו איז די עסיג? גיך, גיך, ווי גאט אי־דיר ליעב!

פייווקע

וואו האלטסט'עם?

חיה שרה

אויבען, דארטען... אויפ'ן פאלקע, ביין באק אויווען... א גאנצע פלאש... א גרינע... גיך! (שפריצט איין רחמיאל'ס פנים מיט וואסער.) גוטינקער, רייד, ענטפער מיר! זיי זיינען שוין אוועק... איך נאר דיר ניט, אוועק, אוועק! גאט אין הימעל, ווער ווייס ווי לאנג ער ליעגט שוין אזוי א גע'חלש'טער! (פייווקע ברענגט אריין די פלאש עסיג) אהער, איהם איינרייבען די שלייפען... אט אזוי! אבער ווארט... לאמיר איהם ארויפהויבען אויפ'ן שלאפ־באנק... מיט'ן באנק מיט אלעמען ברענגען מיר איהם אהער... עפען דעם פענסטער... (זיי טוען אזוי) און געבען איהם מעהר פרישע לופט.

(עס הערט זיך א קלאפ אין טיר.)

פייווקע

דיין פאטער קלאפט.

חיה שרה

לאז ער קלאפען... (שרייט היסטעריש צום פענסטער צו) • ווייל'ע ווארטען מוזט איהר, ווארטען! ווארטען!! — איצט איהם גוט איינרייבען מיט עסיג! (זי נעהמט אן זיינע הענט, ריהרט זיך צו צו זיין פנים און שרייט אויס:) ק—קאלט! וואס? 'סקען ניט זיין! ניין, ניין, ניין! פייוועלע, גיך א פעדער אהער... פון קי־סען, גיך! גיך! איי, וועה איז מיר! (זי פרובט בעהערשען איהר שרעק און רעט אין אן איינגעהאלטענעם, האלב־דערשטיקטען קול) אפשר... אפשר... ווער ווייס? פייוועלע, נו?

פייווקע

(קומט צוריק מיט פעדערן אין דער האנר) ניט שרעק זיך, חיה־שרה'לע! מיר'ן איהם אבמינטערן, מיר'ן איהם אבמינטערן. ווארט! ניט שרעק זיך...

מיכאל'ס קול

(הינטערן פענסטער) סטעפּאַנקע, דאָרטען ביי חיה־שרה'ן איז אַן אומגליק געשעהן! ניט קלאַפּ! זי וועט אונז באַלד אַליין אַריינ־רופען.

חיה שרה

(פּרובט אַרויפלעגען אַ פעדער אויף די אויבערשטע לופט; איהר האַנד טוט אַ ציטער און די פעדער פאַלט אַרויס פון האַנד ביי איהר) קען ניט! פּייוועלע, פּרוביר דו, קום אהער.

פּייוועקע

(צולעגענדיג אַ פעדער) אַט, אַט, איך לעג צו. שרעק זיך ניט, חיה־שרה'לע...

חיה שרה

(שטעהט אַיינגעבויגען איבער רחמיאל'ן, מיט אויסגעגלאָצטע אויגען און בעטראַכט מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג די פעדער. אַ מינוט פּויזע. פּלוצלונג ברעכט זי אויס מיט אַ דערשטיקטען געשריי) קיין אָטהעם ניט! קיין — אָטהעם — ניט!! —ק—קיין אָט—העם ניט! טויט! טוים פּאַר שרעק

פאָרהאַנג.

# פערזאָנען:

---

מיכאל גריין, שטארק געעלטערט, גרוי, געבויגען און קרענקליך.

חיה שרה, זיין טאָכטער, אויסגעבלייכט, מיט בלויע פאסען אונטער די אויגען, זעהט איצט אויס ווי איינע וואָס ליידט פון האַלוצינאַציעס.

פייוועל מעלניק, א שטומע ראָלע.

ירוחם, אַן אָרעמאַן א יאָהר 50 אַלט, מיכאַל'ס א ווייטער קרוב.

סטעפאַנקע.

כלי זמרים, געסט, אינגלעך ארום דער חופה — הינטער'ן סצענע.

---

אַלע זיינען יום־טוב'דיג אָנגעטאָן. — חיה־שרה, געקלדייט צו געהן אונטער דער חופה, טראָגט שוין דעם דעקטוך, מעהר נישט אַריבער־געוואָרפען איבער'ן קאָפּ. — ירוחם האָט שטענדיג זיין טאַבאַקערקע אין דער האַנד.

---

סצענע: אַ מאָדערן מעבלירטער גרויסער צימער אין קאָוונא אויפ'ן „נייעם פּלאַן“. אַ טיהר אין צענטער מיט אַ פענסטער פון דער זייט. אויף איין וואַנד אַ זייגער, אויף דער אַנדערער אַ קאַלענדער אין אַ הילצערנע רעמעל מיט בעוועגליכע דאַטען.

## ע ר ס ט ע   ע ר ש י י נ ו נ ג

סטעפאנקע

וועט מען שטיעלען חופה דא אין הויף?

ירוחם

(קרימט איהם איבער בייזערהייט) שטיעלען, שטיעלען, דא ביי אונז שטיעלען!

סטעפאנקע

דו, בראט, נים דארפסט מיר איבערקרימען. [מיר, א קליין אינגעלע, מאליוטקאיי, פאנימאיעש, אין סאלדאטען אבגעגעבען. פון ערסטע קאנטאניסטען גיעוועזט. פינפאוצשוואנטשיג יאהר מיקאלאיען געדיענט. קיין אידיש ווארט געהערט. דאס אי זשיך איצט רעדען אויסגעלערנט; אין מיכאל׳ס הויז, ווסיא באלשע]. איבערקרימען ניעזאטשעם!

ירוחם

ווער קרימט? וואס קרימט? גלייך, טי מענע רוגאל!

סטעפאנקע

אי נאפראסנא, בראט, בייזערסט זיך.

ירוחם

בייזער זיך! נאכשאל זאל איך זיך בייזערן? אויפ׳ן הארצען קאלאמוטנע, וויטער גאר־נישט!

סטעפאנקע

ניט ביי דיר אליין בראט... מיכאאיל דאווידאוויטש אין כעס, און חזן דא געוועזט, וואט קאטארי דארף... דו ווייסט דאך...

ירוחם

יע, יע... דארף דא מסדר קדושין זיין...

סטעפאנקע

א וואט־וואט־וואט! איזש איהם אויך ווסטריעוואזשעט, זאטיעם חתן אליין נאז ארצבגעלאזט... א חיה מיכאילאוונא זי זעהט אוים ווי א באגיימע אין באיינע ארייגגעהט.

ירוחם

ער, אונז אַלעמען צו לענגערע יאָהר, איהר ערסטער געווען, פער־שטעהסטו... אַ...

סטעפּאַנקע

וואָס ער געווען, בראַט, דו דאַרפסט מיר ניט ראַספּיסעווען... ווייס איך אַליין...

ירוחם

מיין איך, פערשטעהסטו, אז נאָך איהם, אונז אַלעמען צו לענגערע יאָהר, דעם גרויסען וואויל־לערנער, דעם יחסן, דעם זיידענעם יונגען מאַנטשיק, אז מען איז איהר מכבד מיט אַ בחור ווי דעם מילנער׳ס זוהן... נו, וואָס איז דאָ צו רעדען, טוט טאַקע וועה די האַרץ אפילו מעהר ניט צוצוזעהן... נעהם אַ שמעק טאַבאַק... (גיט איהם.)

סטעפּאַנקע

דאָס, בראַט, ניע ביעדאַ נאָך... פּייוואָקאַ מאָלאָדיעץ, זאָג איך דיר. און שכל זיך אָנגעקלייבט אין די דריי יאָהר זינט רחמיאַל ניט געוואָרען. גאַנץ אַנדערי מיענטש היינט פּייוועל, ניע טאָ־שטאָ וואָס אַמאָל גיווען... אַרום קלוגע זיך געריבט, אין קניזשקעס זיך געגראָבען...

ירוחם

מאַלע־וואָ! צו ירחמיאל׳ן קומט ער ניט... אַנאַנדער סאָרט!

סטעפּאַנקע

זנאַיעם, זנאַיעם! נאָר דאָס, בראַט, ניע ביעדאַ... שליעך איז וואָס חיה מיכאַיילאָווונאַ פּאַנימאַיעש, זי טראַך, אַז טיאַטיאַ איהרי סבאָרשטשיק וועלפּקע, זאַטיעם איך אַליין, זינדיג מענטש, אַ מעהר ווי אַלע, זי מיט פּייווקע׳ן איהם, רחמיאל׳ן, ציגעהרג׳עט.

ירוחם

ווי הייסט צוגעהרג׳עט?

סטעפּאַנקע

איל׳, ווייסטו ניט ווי זיך דאָס גימאַכט?

ירוחם

ווייס איך — אָבער ניט אויף קלאָר...

סטעפּאַנקע

טאַק וואָס האָסט'ס, בראַט, איז צוויי ווערטער... דאָס זיך געטראָפן דעם יאָהר איידער, פּאַ פּריקאַזו יעווא וועליטשעסטוואַ, מ'איז איינ־געפיהרט, אַזש אַלע, אַלע זאָל אין סלוזשבע געהן... טאַק וואָס האָזש מען אין אונזער פּאַוויעט גידאַרפט גיעבען פון אידון זעקס אהאַלב דושי און קהל געוואָרפען אויג אויף רחמיאל'ן אונזערן... מיכאל געזשאַלעוועט געלד האָט ער... איז אַוועקגעפאָהרען, בודטאָ סחורה האנדלען, ביז איבער'ן נאַבאַר... האָט ניט געוועלט אַן אַכוואָטניק קויפען פאַר רחמיאל'ן... געמיינט זיי וועלען ניט סמייען נעהמען זיין זיאַטיאַק, אַ בודיע־זשע אַזש מיט איהם פאַרט נעהמען, וועט ער עם פאַר'ן נאַבאַר אויסקויפען...

ירוחם

דאָס איבריגע ווייס איך... חיה־שרה האָט איהם פערשטעלט פאַר טויט, כאַפּערס קומען, געהען אוועג מיט אַ נאָז, קעהרען זיך אום, געהען צוריק אוועג, מחמת חיה שרה האָט מעהר שכל אין פּיאַטע ווי זיי אין קאָפּ און ווען זיי זיינען שוין ווייט־ווייט אוועג און זי, נעביך, קומט צום מאַן, וואָס זי האָט כלומרשט ארויסגעראַטעוועט פון זייערע הענט, איז ער... ניט אין קיין אידישע הויז געראַכט... אין אמת'ן טויט!

סטעפּאַנקע

טויט, פּאַנימאַיעש, פאַר שרעק! אַ וואָס], זאָגט זי, מיר אַלי... געוועלט זיין צו־קלוג, זנאַטשיס, און האָ'מיר רחמיאל'ן פאַר דער צייט, ווי זאָגט זי?

ירוחם

משמעות, אין קבר אריינגעבראַכט...

סטעפּאַנקע

טאַק טאָטשנאָ! אין קבר אריינגעבראַכט... ראַזבאַייניקי אַלע, זאָגט חיה מיכאַיילאָוונאַ.

ירוחם

„חיה־שרה" זאָגט מען! אַ אידישע טאָכטער און נאָדיר „חית מיכאַיילאָוונאַ!" (איהם איבערקרימענדיג) עפּעס ווי אַ גויה להבדיל!

סטעפּאַנקע

ווייס איך, בראַט... פּריוויטשקאַ אַזעלכע... גיעדראַם פּינף און צוואַנטשיג יאָהר מיקאַלאַיען גיעדינעט. נו, אַ חופּה, זאָגסט, מען שטיעלען דאַ?

ירוחם

יע, יע! מ'וועט דאָס מאַכען קורץ און שאַרף... וואָס וועניגער צערעמאָניעס, זאָגט מיכאל... אַן אַלמנה, אַ שטיינער, ניט קיין מיידעל, פערשטעהסטו מיך, אַ צווייטער סדר...

סטעפּאַנקע

אַ עטאָ שטאָ?

ירוחם

ניט פאַר דיין קאָפּ... אַט איז ער אַליין.

---

## צווייטע ערשיינונג

מיכאל

(קומט אַריין פערסאָפּעט, פערשמאַיעט; זעהט אויס קרענקליך) ווי פון פעך ציעהט זיך דאָס... אַליץ עסקים פאַר מיר! (נעהמט צו אַ שטוהל פון לעבען דעם טיש) נויטיג ווי די אויג דאַרף מען דעם שטוהל דאָ... שטעהט ווי אַ ביין אין האַלז... (שטעלט דעם שטוהל אַוועק אָן אַ זייט) מיין חתן, ר' פּייוועל, פרעגט צי מען האָט די כלה געדאַרפט בעזוצען... יענער, עליו השלום, וואָלט דאָס שוין געוואוסט... סטעפּאַן געה, זעה אויב די חופּה קומט אהער... (סטעפּאַנקע אָב.) פּיין אויסגעוואַקסען, פון דעסטוועגען דער חתן אונזערער, — פּיין, סטאַטנע, בלוט שפּריצט פון די באַקען... נו, וואָס איז דאַ צו רעדען... איהם צו לענגערע יאָהר יענער...

ירוחם

איהם און אונז אלעמען צו לענגערע יאהר! אבער ווייסט איהר, ר׳ מיכאל, כדאיער יענעם היינט ניט צו דערמאנען. וואס די ערד דעקט צו לאז זיין פערגעסען...

מיכאל

יע, יע, איהר זייט גערעכט, ר׳ ירוחם... איך סטארעווע זיך אן איהם צו פערגעסען די גאנצע צייט אט זינט דער שידוך איז געווארען... טאקע, וואס טויג דערמאנען דעם שכן... ווי זאגט איהר דעם שוכן...

ירוחם

דעם שוכן עפר... דעם וואס ליעגט שוין אין דר׳ערד ובפרט ווען יענער איז שוין טויט א קימא לן פון... פון...

מיכאל

א יאהר דריי... דריי יאהר דעם קומענדיגען חשון... און איך לייען, דאכט זיך, קריאת־שמע מיט כונה, אבער עס העלפט ניט און רק ער מישט זיך אריין צווישען די מלאכים...

ירוחם

ווען איהר זאגט, א שטייגער, מימיני מיכאל... פון דער רעכטער זייט, מיכאל... אייער אייגענער נאמען...

מיכאל

יע, יע... איז אנשטאט גבריאל רעדט זיך ביי מיר שטענדיג ארויס רחמיאל, ניט צו זינדיגען מיט די רייד, און אפילו ווען איך בין ניט פערשלאפען און איך חזר ביי זיך איין עטליכע מאל פאר׳ן לייענען קריאת־שמע: גבריאל, גבריאל, גבריאל, איז... זאג איך מיט די ליפצען גבריאל און אין הארצען טראכט איך רחמיאל, ווי איהר זעהט מיך א אידען...

ירוחם

אבער היינט טארט איהר אזעלכע רעיונות ניט האבען. אייער בת־יחיד׳קעלע וועט היינט אין א גוטע, מזל׳דיגע שעה, אם ירצה השם, חתונה האבען... קינדער און קינדס־קינדער וועט איהר, מיט

נאָט'ס הילף, נאָך דערלעבען און... אַ שמעק טאַבאַק? (מיכאל נעהמט)

מיכאל

הלואי, פון אייער מויל אין זיינע אויערן, ר' ירוחם. מיט יענעם האָט חיה־שרה'לע קיין קינדער ניט געהאַט...

ירוחם

רק מיט יענעם... אָבער יענעם און ווידער יענעם... היינט געהט אַ נייע סדרה...

מיכאל

גערעכט, גערעכט! איהר זייט אודאי גערעכט, ר' ירוחם! (ער פערטראַכט זיך.) איין גאָט אין הימעל וויים, מיר האָבען אַלע קיין בייז ניט געמיינט: ניט איך, חלילה, ניט חיה־שרה'לע, אפילו ניט וועלפקע ימח שמו... קיינער ניט, ווער האָט עפּעס צו איהם געקענט האָבען, דעם שעהנעם תכשיט אונזערן... דאָס האָט דאָך אַ פליעג אויפ'ן וואַנד ניט געצעפּעט... און, וואָס איז דאָ צו לייקענען...

ירוחם

פאָלגט מיר, ר' מיכאל... גלייכער...

מיכאל

לאָזט מיר אויסרעדען, ר' ירוחם: ער וואָלט נאָך היינט געווען פריש און געזונד, וואָלט דער שווארצער יאָהר מיר ניט פערטראָגען אין האָצע־פּלאָצע...

ירוחם

און דאָ האָט זיך יונה־משה־לייזער'ס דאָס זייניגע געטאָן, ווער ווייס דאָס ניט... אַ שנאה האָט ער אויף אייך געהאַט... נעהמט אַ שמעק טאַבאַק, ר' מיכאל...

מיכאל

(נעהמט מעכאַניש, נאָך טיעפער פערטראַכט) און ווען איך בין צוריק־געקומען אַהיים איז שוין געווען צו שפּעט. שוין געווען אַלץ, אַלץ אויס... געריסען האָט ער מיר, דער שווארצער, פינסטערער יאָהר מיינער, זיך צו חכמה'נען מיט קהל, און דאָ יונה'קע משה לייזער'ס,

אַ ניכפּה זאָל איהם פערצאַפּלען, דעם ימח־שמו'ניק, ברענט פּלאַם־פייער מחמת מיר האָבען זיין בנ'אָק פערבראַקירט... איי! וואָלט'ס שוין נעהמען אַ סוף! אויף איהר אויך אַ רחמנות... אַ האַלבע איז זי דאָך, נעבעך, שוין געוואָרען... ווי אַ ליכטעלע געהט זי מיר דאָך אויס, די טאָכטער מיינע... און קיין מאַמען האָט דאָס ניט... אָט, אָט ברענגט מען די חופּה... ר' ירוחם! (מיכאל טוט זיך אַ כאַפּ פאַר'ן קאָפּ: ער ווערט בלייך.) ר' ירוחם, גיך אַ טראָפּעלע וואַסער קאַלטע... מיר איבעלט, אַ האַרעלע... מיר'ז ניט גוט געוואָרען...

### ירוחם

(טוט אויף איהם אַ קוק) איך לויף, ר' מיכאל! (אָב.)

(פּויזע... דורכ'ן פענסטער אינ'ם צענטער זעהט זיך ווי צוויי אינגלעך טראָגען פאַרביי די חופּה־שטענגלעך מיט דער חופּה; אין גרויס אײַלעניס, מיט אַן אויסדרוק פון מיטגעפיהל אויפ'ן פּנים, לויפט אין צימער אַריין —)

### סטעפּאַנקע

קאָפּ טוט וועה, כאַזיאַאין?

### מיכאל

יע, יע! היים זיי אָבהאַלטען... מיט'ן שטעלען די חופּה. שרעק ניט איבער חיה־שרה'לען, אָבער זאָג איהר, מ'וועט מוזען אַ האָרעלע ווארטען מיט'ן מקדש זיין... אַ האָרעלע צו'וואַרטען... ווער, מיט זיין הילף... הענט־ניט־געוואַשען, איבערגעהן... אַזוי זאָג איהר, הערסט!

### סטעפּאַנקע

לאַדנאָ! (ער געהט האַסטיג אַרויס.)

### ירוחם

(מיט אַ גלאָז וואַסער אין דער האַנד) טוט אַ זופּ ר' מיכאל! (מיכאל טוט אַזוי.) אָט, אָט, אָט! אַזוי איז גוט... אין גאַנצען טרינקט מאַקע אויס...

מיכאל

נו, גאָט צו דאַנקען, בעסער, אַ סך בעסער... ווער קומט? וואָס? חיה־שרה'לע?

## דריטע ערשיינונג

חיה שרה

וואָס איז דיר, טאַטע?

מיכאל

גאָר־נישט, מיין קינד, גאָר־נישט! נעכטיגע וועטשערע, משמעות, מיר ניט פּאַליובעט... איבעלקייט אַ האָרעלע... וועט איבערגעהן...

חיה שרה

דו ביסט זעהר בלייך... געשלאָפען די נאַכט?

מיכאל

ניט ווי... ניט ווי אין דערהיים... קען אין שטאָדט קיינמאָל ניט שלאָפען ווי אַ מענש... די וועגען, מיט די דראָנסקעס, מיט די וואגזאלען וואָס פייפען און טראַסקענען בעגינען צו טאָגען... און אגב...

חיה שרה

(מיט אינטענסיווער נייגיער) יע, יע! און אגב?

מיכאל

(דערשראָקען) גאָר־נישט, גאָר־נישט... הערט, ר' ירוחם, געהט אריין, איך בעט אייך, צו חתנ'ס צד און זאָגט זיי, אז באַלד, באַלד, אין אַ מזל'דיגער שעה... אַ קליין ווײַלינקע מוחל זיין צו־ווארטען... (ירוחם אָב.)

חיה שרה

(לאָזט אין איהם אַריין די אויגען און רעט מיט נאָך גרעסערער לײַדענ־שאַפט) „און אגב", טאַטע?

מיכאל

און אגב, — נו, וואָס איז דאָ צו לייקענען? — שלאָפט זיך שוין לאַנג ניט גוט...

חיה שרה

דיר ניט און מיר ניט, מאמע, זינט מיר האָבען רחמיאל'ן...

מיכאל

ניט איצט איז די צייט דערפון צו רעדען, מיין קינד... ניט איצט, ניט איצט...

חיה שרה

(איהם ניט הערענדיג) זינט מיר האָבען איהם צוגעהרג'עט... און ווייסטו, מאמע? דאָס האָב איך איצט דעם ערסטען מאָל זיין נאָמען דערמאָנט... דעם ערסטען מאָל זינט יענעם אָוונד, ווען ער איז געשטאָרבען.

מיכאל

וואָס העלפט דער דערמאָנען? גענוג. דריי יאָהר געווען אַן אַלמנה... דריי יאָהר אָבגעפינסטערט... גענוג! און דערביי איז פּייוועל דאָך אויך ניט אַבי־ווער... ניט קיין ווילד־פרעמדער. פון קינדווייז־אויף האָסט איהם, דאַכט זיך, האָסט איהם...

חיה שרה

יע, יע, האָלד געהאַט... ווייסטו, מאמע, איצט ערסט פערשטעה איך אויף קלאָר אַלץ וואָס אַמאָל איז געווען, יעמאָלט מיין איך... האָב גענוג זינט יענעם טאָג געקלערט און געטראַכט... דורך טאָג און נעכט, מאמע, און חוץ דעם אַ שעהן ביסעל אין ביכלעך אריינ־געקוקט... אַלץ פערשטעה איך איצט... לאָז מיר רעדען... זינט איך געדענק זיך איז מיר פּייוועלע, — פּייוועלע דעם מילנער'ס פלעגען מיר איהם אַלע רופען — געווען אַן אייגענער, אַ ברודער...

מיכאל

(צופריעדען) יע, אודאי, אודאי!

חיה שרה

בעסער ווי אַ ברודער. מיידעלווייז פלעג איך מיט איהם ארומ־לויפען, — לויפען איבער וועגען און שטעגען, איבער וועלדער און פעלדער, לויפען און שטיפּען און לאַכען... פלעג איהם שטענדיג

האלטען פאר'ן האנד, אזוי ווי ער וואלט אלץ נאך זיין א קינד —
א קינד קענגען מיר: ער פינף יאהר, איך אכט, א שטייגער. פלעגט
זיך מיר שטענדיג אבדוכטען, אז איך בין זיין עלטערע שוועסטער,
אדער זיין גיאנקע, און... (איהר בליק וואנדערט, זי שווייגט צו רעדען
מעהר צו זיך ווי צום פאטער) און ווען איך פלעג האלטען זיין האנד
אין מיינע, פלעגט מיר זיין אזוי... גוט אויפ'ן הארצען... אזוי...

מיכאל

(האסטיג, אין א נאך מעהר צופרידענעם טאן) פערשטעה, אודאי!
(קורצע פויזע.)

חיה שרה

(טוט זיך א טרייסעל, אזוי ווי אויפגעוועקט פון שלאף) יע, טאטע,
פלעגט מיר זיין אזוי גוט... אזוי גוט? איך מיין... ווי זאל איך
דיר זאגען?... עפעס פלעגט מיר ווערן אנדערש אויפ'ן הארצען...
נים אומעטיגער, נים פרעהליכער, נור אט... אנדערש, פערשטעהס־
טו... און איך בין שוין דאן געווען א מיידעל אין שידוכים... האב
געהערט אז יונה־משה־לייזער'ם קדיש האט אויף מיר אן אויג... און...
(איהר בליק וואנדערט פון דאס ניי און זי פערטראכט זיך ווידער) און
פייוועס ווערט מיר וואס א יאהר אלץ געטרייער, אלץ מעהר צוגע־
בונדען... ווי מיין שאטען געהט ער מיר נאך און טו איך אויף
איהם א קוק, דוכט זיך מיר אב, אז איך הער ווי זיין הארץ קלאפט.
אין פייער און וואסער וואלט ער כסדר פאר מיר געהן...

מיכאל

ביז היינטיגען טאג... איצט נאך מעהר, נאך מעהר, חיה'לע.

חיה שרה

(טוט זיך ווידער א כאפ אויף) קיין זאך איז איהם פאר מיר נים
צו שווער... קיין זאך נים, און איך...

מיכאל

יע, יע, און דו?

חיה שרה

איך פלעג זיך פיהלען אזוי נאהנט צו איהם... און פלעג בענקען נאך איהם ווען ער איז לעבען מיר ניט געוועזן... און וואס עלטער ער איז געווארען, אלץ מעהר האב איך איהם האלד געהאט און צוליעב מיר האט ער אזוי גוט געלערנט ביים רבי'ן אונזערן און זיינע אויגען פלעגען בליסצען ווען איך פלעג איהם לויבען...

מיכאל

אודאי, אודאי! ווער געדענקט דאס ניט?!

חיה שרה

(מיט א זיפץ, אין א ריהרענדען טאן) ביז... יענעם טאג בעת רחמיאל...

מיכאל

א גוטער בעטער זאל ער פאר אונז אלעמען זיין...

חיה שרה

ביז ער איז אריינגעקומען אין שטוב, ער, מיט זיין איידעלען, שעהנעם פנים... די שכינה האט דאך אויף איהם גערוהט... ביז ער איז אריינגעקומען און זיינע ליפען האבען זיך געעפענט און איך האב דערהערט זיין זיסען קול. פון יענעם טאג האב איך מעהר שוין קיינעם ניט געזעהן און ניט געהערט... קיינעם ניט חוץ איהם אליין...

מיכאל

ווי הייסט, קיינעם ניט?

חיה שרה

דאס וועסטו ניט פערשטעהן, טאטע, מיט'ן שכל קען איך דאס אליין ניט ריכטיג בענעהמען... (זי פערטראכט זיך פון דאס נייו און רעט צו זיך אליין) קיינעם זעה איך שוין מעהר ניט... פארביי'ן אלטען, גרויסען דעמב געה איך, און דעם דעמב זעה איך ניט... איך קוק אויף די מיהל, אויף די קרעטשמע, אויפ'ן וועג, אבער וואס דאס אלץ איז, ווייס איך ניט... די פערד, די בהמות דערקען

איך ניט... די ציג איז מיר פרעמד און איך שטוים איהר אז ווען זי לאסצעט זיך צו מיר... די פויגלעך פיפּצען און איך הער זיי ווי דורכ׳ן חלום... די זאנגען אין פעלד, זיי בלאזט דער ווינד און זיי בויגען זיך צו מיר, און איך זעה זיי ניט... זעה גאר־נישט, קיינעם ניט, חוץ איהם, און (ווענדעט זיך פלוצלונג צום פאטער) ווען ער הויבט אן צו רעדען, עפענט זיך מיין מח, און עס עפענען זיך מיינע אויגען, און... אה, דו ווערסט עס ניט גלויבען, טאטע...!

מיכאל

רעד, רעד זיך שוין אוים דיין הארץ, מיין טאכטער...

חיה שרה

מיר פלעגט זיך אבדוכטען, בעת ער האט גערעט, אז איך זעה די ווערטער, ווי זיי קומען ארוים פון זיין מויל... זעה זיי, טאטע, זעה די ווערטער זיינע...

מיכאל

וואס? בעשיינפערליך? גאה, נעה! נו, און פייוועל?

חיה שרה

ער? איהם האב איך ליעב געהאט ווי פריהער, מעהר ווי א ברו־דער, מעהר נישט איהם האב איך שוין ניט אפט געזעהן.

מיכאל

ער פלעגט זיך דאך שטענדיג ארומדרעהען ארום דיר?

חיה שרה

אבער איהם פלעג איך נור זעהן אשטייגער ווי מען זעהט מענשען בעת מען ליעגט אין היצקריינק...

מיכאל

ניט אין קיין אידישע הויז געראכט! און אזוי האסטו דאס פייור־לען געזעהן די גאנצע צייט?

חיה שרה

די גאנצע צייט — ביז יענעם שרעקליכען טאג...

מיכאל

וועלכען... וואס איז שוין דאס ווידער געווען פאר א טאג?

חיה שרה

דער טאָג, טאַטע, ווען מיר האָבען רחמיאל'ן צונעהרג'עט...

מיכאל

פע, וואָס רעדסטו, מיין קינד? צוגע... געוואוין זיך אָב דערפון, חלעבען!

חיה שרה

ביז יענעם טאָג. יעמאָלט אָבער איז פּייוועלע געוואָרען מיין רעכטע האַנד. בעת מען האָט געדאַרפט ראַטעווען (ווידערהוילט איראָניש) „ראַטעווען" רחמיאל'ן, האָט ער מיר געהאָלפען מיט אַלע קרעפטען. יעמאָלט איז ער פאַר מיר פון דאָס ניי געוואָרען מיין פּייוועלע, דער אַמאָליגער פּייוועלע. און איצט, טאַטע, פערשטעה איך, וואָס מיר וואָלט זיך דענסטמאָל אפילו ניט געחלומט. דאָס איז אַ שרעקליכע זאַך, טאַטע: קען דאָס כמעט איבער די ליפּען ניט ברענגען...

מיכאל

וואָס, חיה'לע? דערצ... אהא! ירוחם געהט.

---

## פיערטע ערשיינונג

ירוחם

ר' מיכאל, גאָט־אי מיט אייך! חתנ'ס צד ווארט... ווי איז אייך איצט? בעסער, ניין?

מיכאל

אַ דאַנק זיין היילינען נאָמען, בעסער, בעסער. אָבער געהט, זייט מוחל, נאָך אַמאָל אריין צו זיי און בעט זיי צו ווארטען נאָך אַ פערטעל שעה צייט...

ירוחם

דער מילנער איז זעהר... נעהמט אַ שמעק טאַבאַק, ר' מיכאל (גיט איהם). ער זעהט אויס זעהר באַרעאָ־דאַבוה'דיג...

מיכאל

נישט־קשה, ר' ירוחם... האָבען אויף איהם לענגער געוואַרט, דעם גרויסען יחסן אונזערן... חיה־שרה'לע האָט מיר וואָס צו זאָגען...

אגב איז דער עולם ביי אונז אויך ניט קיין מורא׳דיג גרויסער... פּרוצעטאַלבען מענשען... וועל אייך לאָזען וויסען ווען צו ברענגען דעם חתן אהער... גערהט, איך בעט אייך, ר׳ ירוחם, זאָגט זיי, מיר שווינדעלט נאָך אביסעל, בדאי־ער נאָך א האָרעלע צו פערציעהען...

ירוחם

געה איך, אָבער אומזיסט מארודעט ניט. ווי דעם חתן איז, נעבעך, אויפ׳ן הארצען, וויים איין גאָט אין הימעל... (נעהמט א גרויסען שמעק טאַבאַק און געהט אוועג.)

מיכאל

וואָס, מיין קינד, וואָס איז דאָס אזוינס געוועזן?

חיה שרה

וואָס, טאַטע?

מיכאל

אָט די מורא׳דיגע זאַך, וואָס דו קענסט כלומרשט ניט אריבער־ברענגען איבע רי לעפּצען... רעד זיך אויס, וועט דיר ווערן לייכטער אויפ׳ן הארצען פאַר׳ן געהן צו דער חופּה...

חיה שרה

(כאַפּט זיך אויף פון דער פערחלום׳טקייט) יע, יע! וועל עס דיר זאָגען: אָט יענעם טאָג, בעת איך האָב זיך געריכט אויף די כאַ־פּערים און פּייווקע מיט סטעפּאַנקען האָבען מיר געהאָלפען מיט אַלע כחות, — יענעם טאָג, טאַטע, האָב איך אייגגעזעהן, אז ער, רחמיאל, איז געוועזן אייפערזיכטיג אויף פּייווקען...

מיכאל

איי..... פאָרז.... וואָס איז האָס אזוינס?

חיה שרה

דעמאָלט האָב איך דאָס אליין אויך ניט געוואוסט, ניט דעם וואָרט, ניט דאָס וואָס מען מיינט דערמיט. איצט וויים איך. (אין א שטילערן, אָבער פייערליכען טאָן) טאַטע, רחמיאל האָט פיינט גע־האַט פּייווקען, מחמת איהם האָט זיך געדוכט, אז איך בין צו פּייווקען צו גוט...

מיכאל

פערשטעה נים...

חיה שרה

אז איך האָב ליעב פייוועקען...

מיכאל

דו? אן אשת־איש, ליעב?...

חיה שרה

יע, יע, יע!

מיכאל

קען נים זיין... אַ טעות, חיה'לע! (ווישט זיך דעם שווייס פון שטערן. אַ רגע פויזע) און אפשר...

חיה שרה

דאָס איז ווי איך זאָג דיר, און דו ווייסט נים ווי דאָס מוטשעט מיך...

מיכאל

איצט...? ער היום נאָך?

חיה שרה

איצט אַ סך מעהר ווי פריהער... וואָס נעהנטער איך קום צו פייוועלען, און וואָס נעהנטער מיר קומען צו דער חופה, אַלץ מעהר און מעהר מוטשעט דאָס מיך... נעכט שלאָף איך נים... שלאָף איך אמאָל יע, קומט יענער מיר צו־חלום... בלייך ווי קאַלך זעהט ער אויס... בלייך און בייז... נימאַ מעהר די זיסקייט אויף זיין פנים, די ליעבקייט, די פריינדליכקייט זיינע... און ביי־טאָג, אויפ'ן וואָהר, זעה איך איהם אויך אזוי, מעהר־נישט קלאָרער איז ביי טאָג זיין בליק. און, טאטע, וואָס איך סטאַרעווע זיך נים, איהם צו זעהן פאַר מיינע אויגען אַ זיסען, אַ ליעבליכען, מיט אַ גוטען שמייכעל אויף די ליפען, גיט זיך מיר דאָס בשום אופן נים איין... איך קען נור געדענקען יענעם אָנבליק זיינעם, אָט יענעם ווי ער האָט געקוקט אויף פייוועלען דעם טאָג ווען מיר האָבען איהם געוואָלט ראַטעווען... ראַטעווען פון וועלפקע'ס הענט.

מיכאל

נו, דאס איז קינדעריי, חיה־שרה׳לע! לאמיר אריינרופען די מחותנים, לאמיר אבשטעלען חופה און א סוף...

חיה שרה

ניין, ניין! נאך ניט, טאטע! גיב מיר נאך עטליכע מינוט צייט, נאך עטליכע מינוט... (אין א שטילערן טאן, בעת איהר בליק וואנדערט פון דאס גיין) טאטע, איך האב מורא, ער... ער, פער־שטעהסטו, וועט זיך בעווייזען ביי נאכט צווישען די אונטערפיהר־רער...

מיכאל

זיך בעווייזען? נאט אי מיט דיר! וואס מיינסטו? (ער כאפט זיך פאר׳ן קאפ) עפעס איז מיר מיין קאפ ווי צוטומעלט... איין גאט אין הימעל וויים, וואס דאס קען בעטייטען! רעד מיט ווער־טער, וואס מיינסטו?

חיה שרה

(אין דעמזעלביגען טאן) איך קלער, ער וועט זיך בעווייזען אין מיין קאמער היינט ביי־נאכט... אפשר נאך אונטער דער חופה...

מיכאל

נעה, דו רעדסט נארישקייט, חיה׳לע. וואו איז דאס געהערט גע־ווארען, אז מתים זאלען קומען אויף חתונות?!

חיה שרה

(נאך פייערליכער) ער וועט קומען, ער וועט קומען... קיינער וועט איהם ניט זעהן חוץ מיר... (רעט צו זיך) קלאר וועל איך איהם זעהן... ווי בעכטען ביי נאכט... וועט זיך שטעלען אונטער דער חופה צווישען פייוולען און מיר... בעת ער וועט דארפען מיך מקדש זיין... צווישען איהם און מיר וועט ער זיין אונטער דער חופה און נאכדעם, ביי נאכט...ער וועט פייוולען ניט צולאזען צו מיר... ער האט איהם פיינט...

מיכאל

רעד ניט אזעלכע רייד, מיין קינד! ניט... נאר ניט מעשה אידישע טאכטער...

חיה שרה

(שפרינגט אויף, אזוי ווי ערוואכענדיג ביין לעצטען וואָרט זייגעס)
איי, דו שרעקסט מיך איבער, טאטע!

מיכאל

מיט וואָס, מיין קינד?

חיה שרה

מיט די ווערטער דיינע... מיט די הארטע ווערטער... זיינע פּלע־גען גלעטען דעם אויער, ווי סאמעט ווייך זיינען זיי געווען; דיינע ווערטער זיינען הארט, זיי רייסען, זאָלסטו מיר מוחל זיין... פייוועל׳ס אויך... יע, זיינע אויך. ווען ער רעט ניט האָב איך איהם אזוי האָלד, פון גאנצען הארצען האָלד... מיט אמאָל עפענט ער אויף די מויל און די ווערטער פון זיין מויל פאַרהאַרטעווען מיין הארץ... און די וואַרעמקייט אין מיין בוזים ווערט אָבגעקיהלט...

מיכאל

מיר האָכט, דו ביסט קראנק, מיין קינד... איך אויך... אפשר פייוועל אויך... אלע זיינען מיר קראנק.

חיה שרה

(האָט ניט געהערט) און בעת ער נעהמט מיך ארום...

מיכאל

ווער נעהמט דיך ארום?

חיה שרה

פייוועלע, טאטע...

מיכאל

פייוועל? איהר האָט דאָך נאָך ניט חתונה געהאט?

חיה שרה

(האָט איהם ווידער ניט געהערט) בעת ער נעהמט מיך ארום און דריקט מיך צו זיין ברוסט, פיהל איך איהם ניט... עפּעס א מחיצה איז דאָ צווישען פייוועלען און מיר... רחמיאל׳ס מחיצה... (אין

עקסטאַז) אַי, טאַטע ! אַט זעה איך איהם ווי אַמאָל ! זיס און מילד און ליעבליך !...

מיכאל

ונעמען זעהסטו?

חיה שרה

אַיי, דו האָסט אַלץ איבערגעפיהרט... איצט איז ער ווידער בייז... און אַט זעה איך איהם שוין גאָרניט. (פויזע) איז וואָס האָב איך געוועלט זאָגען? יע... ווען פייוועלע קוסט מיך... (מיכאל מאַכט ווידער אַ בעוועגונג) ווען ער קוסט מיך, און איך שטעל אויס מיינע ליפּען צו איהם, ווערען זיי האַרט ווי געגאַרבטע פעל, און די גאַנצע זאַפט אין זיי ווערט אויסגעטריקענט און מיר דוכט זיך אָב, אַז צווישען מיין מויל און פייוועלע׳ס, צווישען אונזערע הייסע רויטע ליפּען קומט אריין זיין קאַלטע, בלייכע האַנד... מחמת ער האָט פיינט פייוועלען, טאַטע, ער האָט איהם פיינט און ער פערסמ׳ט מיינע קוסען...

מיכאל

(פּאַר זיך) די ביכלעך, די טרייף־פּסול׳ס ! זי געהט אַראָב פון זינען, מיין קינד.. (טרערען שטעלען זיך איהם אין די אויגען.)

חיה שרה

יע, ער איז אייפערזיכטיג אויף פייוועלען... און מיינסטו, ער איז ניט גערעכט? ווער וועט פייוועלען ניט האָלד האָבען? פראָסט איז ער, אָבער גוט און דרייסט, און שעהן, און אַ גילדערנע האַרץ איז דאָ אין זיין בוזים... היינט, עהרליך און ריין... ווינש קיין אידישע טאָכטער ניט קיין ערגערן חתן (פערחלומ׳ט זיך). עהר־ליך און ריין... אַן אויג, וואָס וואַרעמט און לייכט..

מיכאל

(מאַכט זיך אַ האַרץ) וואָס איז דאָ צו רעדען ! (עפענט די טיר) ר׳ ירוחם ! אהער, זייט מוחל !

## פינפטע ערשיינונג

ירוחם

(אויפ'ן שוועל) הייסט עס...?

מיכאל

געהט, ברענגט אריין כלה'ס צד — אלעמען, אלעמען! — און לאמיר געהן צו דער חופה... גיין, חיה־שרה'לע?

חיה שרה

(קוקט איהם אן און ענטפערט גיט.)

מיכאל

ר' ירוחם, הייסט די כלי־זמרים אויפשפיעלען און ברענגט דעם חתן צו דער חופה. געהען מיר, חיה'לע?

חיה שרה

(רעדענדיג ווי דורכ'ן חלום) געהען... געהען... (טוט זיך א ריהר.)

מיכאל

(עפענט די טיר) קום־זשע!

חיה שרה

(ווי פריהער) וואוהין?

מיכאל

צייט צו געהן צו דער חופה... איך בין, דאכט זיך, א דאנק זיין הייליגען נאמען, שוין ווידער אין גאנצען...

חיה שרה

דו? נו, און איך?

מיכאל

ועט, מירצעשעם, אויך איבערגעהן, מיין קינד. און נאך דער חתונה, אז דער אויבערשטער וועט געבען, וועט אייך נאך... וועט איהר, יונגוואַרג, א לעב טאן... קיין געלד וועט אייך, חלילה, נים פעהלען, לאז נאר זיין געזונד... און פייוועלע וועט דיר זיין צונע־טאן מעהר און מעהר... אויף די הענט וועט ער דיר טראגען... פוינעל־מילך און דעם טעלער פון הימעל...

(די כלי־זמרים האבען דרויסען דערווייל אויפגעשפיעלט; דער חתן געהט, ווייזט אויס, צו דער חופה.)

מיכאל

נו, א סוף — אן עק, אין א מזל'דיגער שעה! מיט די רעכטע פוס ארויס, מיין קינד!

חיה שרה

(מיט א היסטערישען געשריי) טאטע!!!

מיכאל

וואס שוין ווידער, חיה'לע?

חיה שרה

שווייגען הייס זיי! הייס זיי שווייגען! שווייגען!!

מיכאל

וועמען?

חיה שרה

די כלי־זמרים, טאטע!

מיכאל

(עפענט די טיר און שרייט) ר' ירוחם! לאז מען אויפהערען שפיע־לען!.. נאך א רגע צו'ווארטען!

חיה שרה

יע, צו'ווארטען, צו'ווארטען! (בליקט ווילד ארויס) אפשר וועט ער אוועקגעהן... (די מוזיק ווערט פערשטומט.)

מיכאל

ווער, מיין קינד?

חיה שרה

ער... יענער... פאר מיינע אויגען שטעהט ער דא... זיין פנים איז מרה־שחורה'דיג... ער איז אין כעס... בלייך ווי א טוך און אין כעס! (פויזע.)

מיכאל

קלער, מי דארף אבלעגען די חתונה... רופט אריין דעם חתן, ר' ירוחם! זי איז קראנק, מיין קינד, קראנקער פאר מיר... (ירוחם אב.)

## ז ע ק ס ט ע   ע ר ש י י נ ו נ ג

פייוועל

(אָנגעטאָן יום־טוב׳דיג, שטעהט ער ווי פערשטיינערט אין טיהר, די אויגען אַריינגעלאָזען אין חיה־שרה׳ן. לאַנגזאַם קומט זי צו איהם צו.)

חיה שרה

פייוועלע... איך קען ניט... טייער ביסטו מיר, טייערער ווי דער לעבען, אָבער... מיר וועלען ניט חתונה האָבען. (זי רייסט פון זיך אַרונטער דעם דעקטוך) ער... וועט ניט לאָזען... ער וויל ניט... צווי־שען מיר און דיר שטעהט ער, מיט זיין בלייכען, בייזען פּנים, מיט זיין ביטערען קוק, פייוועלע... אָט אזוי ווי איצט... ווי איצט...

פייוועל

(מאַכט אַ בעוועגונג מיט די ליפּען. זי לאָזט איהם ניט רעדען.)

חיה שרה

ששש! שטיל, מיין גוטינקער, ניט גערעט! (טוט אויס אַ רינג פון׳ם פינגער) נאַדיר קאַריק דיין תנאים־מתנה, נעהם דיין פינ־גער׳ל צוריק! (ער נעהמט, ניט וויסענדיג וואָס ער טוט) אָט אזוי... מיר מוזען אָבלאָזען דעם שידוך, פייוועלע... שיידען, שיידען מוזען מיר זיך... טייערער ווי דער לעבען ביסטו מיר, אָבער רחמיאל לאָזט ניט, ער האָט דיך פיינט, גוטינקער... (זי האַלט ביים אַנידער־פאַלען, מיכאַל כאַפּט איהר אונטער) ער האָט דיך פיינט...

מיכאל

חיה׳לע, וואָס איז דיר, מיין קינד? ר׳ ירוחם, סטעפּאַן, אימיצער! אַ רופא אהער, אַ דאָקטאָר!

חיה שרה

(מיט אויסגעגלאָצטע אויגען געגען חתן; קאַם־קאַם וואָס זי רעט) דו הערסט, פייוועלע, רחמיאל ל... לאָזט ניט.

פ אָ ר ה אַ נ ג.

# פאָרוואָרט צו „כלומרשט אַ חתונה".

זיך נעהמענדיג צום שרייבען דיעזע פּיעסע, האָב איך פאַר זיך געהאַט די פאָלגענדע דרייפאַכע אויפגאַבע:

ערסטענס, ארויפצוברענגען אויף די ביהנע אַ גרופּע אינטעליגענטע יונגע לייט אין זייער לעבען און זייערע באַציעהונגען צווישען זיך. מיר איז ניט באַקאַנט, אַז דאָס זאָל זיין געווען דער פאַל אויף אונזער ביהנע זעהר אָפט. געוויס, יונגע „אינטעליגענטען" און עלטערע געפינען זיך מאַסענהאַפט אין דעם אידישען רעפּערטואַר. דאָס זיינען אָבער מייסטענס איינצעלנע פּערזאָנען, אַלס געגענזאַץ צו „אַלט־מאָדישע" אידען און אידינעס, אָבער ניט אינטעליגענטען צווישען זיך. אין „כלומרשט אַ חתונה" איז אויך דאָ אַ מרס. זיגעל, אַ רעסטאָראַטאָר, אַ קעלנער און אַנדערע פון דעם אַלטען שניט אידען, אָבער זיי זיינען ווייניגער באַדייטענדע ראָלען און האָבען קיין גרויסען חלק ניט אין דער „האַנדלונג" פון דער פּיעסע. די וויכטיגע פּערזאָנען זיינען די געוועזענע שטודענטען און שפרה.

צווייטענס, האָט זיך מיר געוועלט ארויסברענגען דעם אויפכאַפּען זיך פון שלאָף, מיט אַלע זיינע אַסימילאַטאָרישע חלומות, פונ'ם אידישען פאָלק ארום די לעצטע יאָהרען פונ'ם נייינצעהנטען יאָהרהונדערט. אַט די דאָזיגע אינטעליגענטען האָט דער נייער אַנטיסעמיטיזם אין די ציוויליזירטע לענדער ביסלעכווייז אויפגעריסען די אויגען און זיי האָבען זיך ארומגעזעהן, אַז זיי זיינען אַלץ נאָך אידען; אַז צווישען סאָציאַליסטען זיינען קיין סתם־מענשען מיט הויל פּראָלעטאַרישע באַשטרעבונגען (און ווייטער גאָר נישט) ניטאָ, בעת דער אידישער מיטעלקלאַס האָט גענומען פיהלען, אַז אַלץ וואָס ער האָט געטאָן אין דעם נייינצעהנטען יאָהרהונדערט צו ווערען „מיט אַלעמען צוגלייך": אַ טייטש צווישען טייטשען, אַ רוס צווישען רוסען און אַזוי ווייטער האָט איהם גאָרניט געהאָלפען און ער איז נאָך אַלץ אַ איד. ארום יענע צייט — מען קען נעהמען אַלס אַן אָנפאַנג פון דער נייער עפּאָכע דעם יאָהר 1897 — איז אויסגעוואַקסען פון איין זייט דער פּראָלעטאַרישער „בונדיזם" און פון דער אַנדערער זייט דער פּאָלי־

טישער ציוניזם, יעדער אויף זיין אופן אונטערשטרייכענדיג דעם פאַקט, אַז עס איז דאָ אַזאַ זאַך ווי אידישקייט, צו וועלכען קלאַס און פון וועלכען שטאנדפונקט איהר זאָלט צו איהר ניט צוגעהן.

ד ר י ט ע נ ס, האָב איך פרובירט ארויסברענגען, כמעט פארבייגעהענדיג, דעם מאָדערנעם קוק אויף די פרוי אלס מענש. איך זאָג פארבייגעהענדיג, ווייל אין דיעזען פרט ווי אויך אין דעם פרט פון אידישקייט האָב איך ניט געוועלט אַריינגעהן אין צו ווייטע דרכים.ביידע פראַגען ווערען באריהרט אין דער פיעסע אין קורצע דיאַלאָגען, וואָס נעהמען ניט מעהר ווי אַ פּאָאָר מינוט דאָ, אַ פּאָאָר מינוט דאָרטען, כדי ניט צו שטערען די דראַמאַטישע האַנדלונג דורך טענדענציעזע לאַנגע דרשות.

דאָס אַלץ איז געווען מיין כונה ארויסצוברענגען אין דער ענגער ראַהמקע פון אַ פיער־אַקטיגער קאָמעדיע. צי דאָס האָט זיך מיר איינגעגעבען און ווי ווייט דאָס איז מיר געלונגען קען איך אַליין, פארשטעהט זיך, ניט אורטיילען.

---

וואָס איז שייך צו דער אויפפיהרונג אויף דער ביהנע, אויב דאָס זאָל ווען עס איז געשעהען, וואָלט איך דאָ מאַכען אַ פּאָאָר קורצע באַמערקונגען, אַ שטייגער ווי ביין „לעצטען נאַבאָר“.

שטופ איז אַ קאָמישע ראָלע, וואָס טאָר בשום אופן ניט איבערטריבען ווערען. שטופ איז אַן עהרליכער, ערנסטער מענש, וואָס האָט בלויז די שוואַכקייט צו זעהן אין אַלץ די שעהנקייט פון דער פּראַזע און אַריבערצוכאַפּען די מאָס אין זיין אורטייל. ער איז אַ „שפּיאָנענזוכער“ אין ערנסט; דער קאָמיזם קומט ארויס דורך די לאַגע, אין וועלכע זיין שפּיאָנענזוכעריי ווערט אָנגעווענדעט. ער איז ניט קיין פּאַיאַץ און ניט קיין געוועהנליכער פּראַזענמאַכער. בלויז זיין איבערטריעבענע פריינדליכקייט, זיין איבערגעזאַלצענע אַרט פון אויסדריקען זיך מאַכען איהם פאר אַ נודניק. אַזוי מוז שטופ געשפּיעלט ווערן. דער קאָמיזם וועט ארויסקומען אַלץ מעהר בולט וואָס ערנסטער ער וועט זיין אויף דער סצענע.

עס שאַדט ניט צו באמערקען, אַז שטופ געהט כסדר ארום מיסטעריעז קוקענדיג אַרום זיך און כלומרשט צופעליג באטראכטענדיג, פון אַ זייט יעדען פרעמדען מענשען. איך זאָג „פון אַ זייט“, מחמת בטבע איז שטופ ניט קיין צודרינגליכער מענש, ניט דאָס, וואָס די רוסען רופען אַ „נאַכאַל“. ער וואָלט אונטער געוועהנליכע אומשטענדען ניט אַריינלאָזען די אויגען אין אַ מענשען. די שפּיאָנענזוכעריי מאַכט איהם אַריבערטרעטען די גרעניצען פון געוועהנליכע איידעלקייט.

שפרה'ס רייד טאָרען ניט ארויסגעבראכט ווערן צו באָמבאַסטיש, צו מעשה־מגידיכע. שפרה שרייט קיינמאָל ניט. זי דעקלאַמירט ניט.

זי רעט. זי האָט אימער אַ פֿריינדליכען שמייכעל אויף די ליפּען, אפילו ווען זי איז סאַרקאַסטיש. זי רעט מיט איבערצייגונג, מיט זיכערקייט, מיט פֿעסטקייט, ווי איינע וואָס האָט אַ סך נאָכגעדענקט און איז געקומען צו אַ באשלוס, וואָס קיין ספק קען ניט ריהרען פֿון אָרט.

קרויזקאָפּ'ס ראָלע דאַרף זיין לייכט צו פֿאַרשטעהן פֿאַר יעדען אינטעליגענטען אַקטיאָר קוים באגרייפט ער דעם טיפּ.

בערמאַנ'ס איז נאָך לייכטער אויפצופאַסען און דערפֿאַר נאָך לייכטער פֿאַרצושטעלען.

ביידע זיינען זיי אסימילירטע, אָבער צווישען זיי איז דאָ אַ גרויסער אונטערשיעד. קרויזקאָפּ איז פּשוט אַ תם אין דער אידען־פֿראַגע. ער האָט געלעבט אין זיין „אומגליק" אַל' די יאָהרען און האָט גאָר ניט געמערקט, אַז עפּעס האָט פּאַסירט אין דעם לעבען פֿון דער רוסיש־אידישער „אינטעליגענץ". דאָס עפּענען זיך איצטער לאַנג־זאַם זיינע אויגען דורך שפרה'ס איינפֿלוס.

בערמאַן, דאַגעגען, איז אַן איבערצייגטער אַסימיליאַנט. ער וויל ניט וויסען פֿון קיין שום אידישקייט. ער וואָלט וואַהרשיינליך באַ־קעמפּפֿען פּונקט אַזוי שטאַרק דעם בונדיזם (יעדענפֿאַלס פֿונ'ם נאַציאָ־נאַלען פֿליגעל) ווי דעם ציוניזם, ווי אַלע אַנדערע נאַציאָנאַל־אידישע פּאַרטייען און ריכטונגען. ער דאַרף אַזוי געשפּיעלט ווערן, אַז עס זאָל זיך זעהן דייטליך און בולט, אַז ער האַלט זיין מיינונג פֿאַר די איינציג־מעגליכע און אַז ער קוקט אויף די נאַציאָנאַלע אידען מכל המינים מיט פֿאַראַכטונג, אָדער מיט רחמנות וועגען זייער „לעכערליכע לאַגע".

לאָמיר זיך אויף אַ ווײַלינקע אומקעהרען צו שטופּ'ען.

ער איז אויך אַן אַסימיליאַנט און טאַקע פֿון בערמאַנ'ס חדר. אָבער ביי איהם פֿעהלט אין דעם פּרט ווי אין אַנדערע פּרטים די פֿעסטע איבערצייגונג. ער קען לייכט גענומען ווערען פֿון אַ שטאַרקע געג־נערישע פֿראַזע אויב זי איז נור שעהן. דערפֿאַר מוז דער, וואָס שפּיעלט שטופּ'ען, אין דעם פֿאַרלויף פֿון דער האַנדלונג ביסלעכווייז זיך צוהערען מעהר און מעהר סימפּאַטיש צו שפרה'ס „אידישקייט".

די שאַכשפּיעלער און די דאָמינאָ שפּיעלער מוזען געמאַכט ווערען פֿאַר גוטע, הגם קורצע, ראָלען דורך אַקטיאָרען, וואָס קענען שפּיעלען אָהן ווערטער. דאָ איז ניט נויטיג צו געבען ספּעציעלע לעקציעס אין דעם פּרט. די אָנדייטונג דאַרף זיין גענוג.

---

אויב עס איז טעכניש מעגליך, וואָלט געווען גוט אין דריטען אַקט צו ווייזען דורכ'ען פֿענסטער אינ'ם הינטערגרונד דעם לאָנדאָנער „פֿאָג".

דאָס קען, קלער איך, געמאַכט ווערען דורך אַ שטראָסען־לאָמפּ, וואָס זעהט זיך האַלב פאַרדונקעלט דורך אַ מין נעבעל. די שוישפּיעלער דאַרפען זיין אַנגעטאָן עפּעס אַזוי ווי זיי וואָלטען זיין דורכגענומען דורך און דורך פון די פייכטע קעלט.

# כלומר׳שט א חתונה

---

### פערזאנען:

יודעל (יוליוס) קרויזקאפ, דער פרויענהאסער, 31 יאהר אלט.
שפרה (סאפיע) בערמאן, אן אינטעליגענטקע פון א יאהר 23.
נחום (נאאום) בערמאן, איהר ברודער, 25 יאהר אלט.
מרס. זיגעל, קרויזקאפ׳ס בעל־הבית׳טע, אן אלמנה פון א יאהר 50.
גדליה שטופ, א נודניק, אלט א יאהר 30; א שפיאנענזוכער.
ברוך פלינק, א רעסטאראטאר מיט פרעטענזיעס אויף השכלה, אלט א יאהר 60.
שמעלקע, אן אלטער קעלנער, א יחסן פון דערהיים, אלט א יאהר 50.
שאך־שפיעלער, דאמינא־שפיעלער, מיטינג־בעזוכער,
עלטערע און אינגערע מענשען.

---

צייט: דער יעסען פון 1899.
ארט: לאנדאן, אין אידישען קווארטאל.

---

צווישען דעם ערסטען אקט און דעם צווייטען פערגעהט א וואך;
צווישען דעם צווייטען און דעם דריטען — עטליכע שעה;
צווישען דעם דריטען און דעם פיערטען — פיער טעג.

# ערסטער אַקט

ברוך פלינק'ס רעסטאראַן; סמנים פון אַמאָליגע עלעגאַנץ; ציכטיג אומעדום. — פיערקאַנטיגע טישלעך מיט פיער שטולען אַרום יעדען און אַ גרויסער רונדער טיש אין מיטען סצענע. — אינ'ם הינטער־גרונד אַ טיהר אין גאַס אַריין; איבער'ן טיהר אַ הירשקאָפּ; אַרום — אַלערליי אָנצייגען, בילדער, בילדלעך און אַ וואַנד־קאַלענדאַר.— לינקס אינ'ם הינטערגרונד אַ טיהר אין קיך אַריין, רעכטס אַ מין טאָנבאַנק מיט אַ קאַסע־פולט דאַרויף; אונטען זעהען זיך קעסטלעך פון ציגאַרען און פּאַפּיראָסען. — זיצען צוויי געסט און שפּילען דאָמינאָ.—די פענסטער זיינען פערהאַנגען מיט האַלבע גאַרדינען.— עס איז אַרום האַלב נאָך עלף אַ זייגער פון אָוועגד. — איידער דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף דערהערט זיך אַ שטורעם פון אַפּלאָדיס־מענטען פון אַ זאַל איבער'ן וועג.

---

## ערסטע ערשיינונג

ברוך פלינק, שמעלקע דער קעלנער און צוויי דאָמינאָ־שפּיעלער.

פלינק

הייסט דאָס — אַ סוף! גאָט צו דאַנקען דערפאַר! האָב גע־מיינט דער מיטינג וועט זיך גאָר קיינמאָל ניט ענדיגען זיך. אָט רעט מען! גלאַט אין דער וועלט אַריין רעט מען! פרעג: ווער? וואָס? וועמען? מי האַקט אַ טשאַייניק, האַקט מען. און דאָ

זיך און ברען געז אַ גאַנצע נאַכט, דער שוואַרץ יאָהר וויים פאַר וועמען.

שמעלקע

דאָס האָט, הער איך, קרויזקאָפּ היינט געדאַרפט דרשה'נען. נו, האָט ער איצט געמוזט קאַנטשען רעדען. מאַכען אַ ביסעל ליכטיגער, ניין? דער עולם וועט זיך באַלד אַ לאָז טאָן אַהער... (צינדט אָן נאָך געז־רעהרען.)

פלינק

יע, יע! זיי לאָזען זיך אריין מיט אמאָל זיך... אָבער וויפיעל? נויטיג געדאַרפט אַזאַן עולם האַלטען ביז האַלבע נאַכט... געהען זיי ארוים פון האָל אַרום עלף איז... פאַר אַלעמען גלייכער... איי די מיטינגס! פרעג: ווער דאַרף זיי! אַ שטער צום לייזונג און ווייטער גאָר נים.

איין דאַמינאָ־שפּיעלער

איי, ר' קרוב, שפּיעלט איהר! אויף גוי'אישע חתונות מעגט איהר שפּיעלען! ווי זעהט מען דאָס נים אַזא קלאָרען בלאָק? בלינד דאַרף מען דאָך זיין עס נים צו זעהן... נו, וואַרט, וויפיעל נעהם איך? (צעהלט) צעהן, פופצעהן, ניינצעהן, דריי־און־צוואַנציג, ניינאונצוואַנציג, זיעבענאונדרייסיג... פערשרייבט!

צווייטער

וואַרט, לאָמיך איבערצעהלען (בורבעלט) אַכט, פערצעהן, אַכטצעהן, צוואַנטשיג־צוויי, צוואַנטשיג־זיעבען, דריישיג־זיעבען... ריכטיג! זיעבען־אי־דריישיג... וואו'ז מיין בלייער? דאַכט־זיך נאָר־וואָס געהאַט?! (זוכט אין אַלע קעשענעס, אויפ'ן טיש, אונטער'ן טיש און אַרום טיש) ניטאָ! כסדר, איך פערליער בלייערס... צום קאַ־דיק! מיסטער פלינק, טוט אַ מענשען אַ טובה, אַנטלייהט אַ בלייער!

פלינק

אַזוי! אַ בלייער אויך! און וואָס נאָך, וואָס? פאַר איין גלאָז טיי אַ קיימאָ־לן פון צוואַנציג קוביק־פים געז אויסגעברענט, אַ

פערטעל שטוהל אָבגעזעסען, א פולע שטוב אָנגעגרויכערט און דער־
לאנג איהם נאָך א פענסיל אויף צו אלע צרות, דערלאנג איהם...

ערסטער שפיעלער

אָט דאָס רוף איך א איד א בעל חשבון! אויסגערעכענט מיט תשבורת, אויפ'ן האאר! מילא־וואָ? וועלען מיר מאכען א גימטריא! איך נעהם ביי אייך זיעבען־און־דרייסיג כשר'ע אוינגע־לעך... זיעבען־און־דרייסיג איז בגימטריאָ... בגימטריאָ... אזוי ברייט און אזוי לאנג ווי דגל — דגל א פאָהן. (ער מישט, זעהר צופריעדען מיט זיך, די שטיינער.) זעצען זעצט איהר; א ביינדעל אהער!

צווייטער

(פערטראַכט) און איך... איך האָב דאָס נאָך גאָר ניט?

ערסטער

פון וואנען זאָלט איהר האָבען? א פריץ האָט פערלאָרען? איהר האָט ביי מיר גענומען דאָפּעל־בלאָס, מאכט רש"י, צוויי מאָל גאָר־נישט. ניט אמת, מיסטער פלינק? צוויי מאָל גאָרנישט איז לכל הדעות גאָרנישט. אזוי וויל, דאכט זיך, האָבען דער „צפנת פענח" און ער, זאָגט מען, האָט געקענט רעכענען, ניין?

צווייטער

איהר וועט, אם ירצה־השם, לאכען מיט אנאנדער קול ווען דער רעדלע וועט זיך א דרעה טאָן קאריק! זיעבען־און־דרייסיג קען מען אזא אידען ווי אייך פאָרגעבען. (שטעלט א שטיין, דאָן זוכט ער ווייטער, נערוועז, אין די קעשענעס.) דאָפּעל־זעקס! ער קלעבט צו מיר ווי...

ערסטער

(העלפט איהם אויס) ווי דער שלים־מזל צום דרדקי־מלמד... וואָרים פון מיר ווייכט ער... איך קריעג איהם ניט... גאָר ניט, אודאי ניט... ווי קום איך צו דאָפּעלט־זעקס?

צווייטער

אז איהר קריעגט דעם דאָקטאָר־אדלער דארפט איהר איהם... אייך קומט אזא שטיין שטענדיג צו־ניץ... וואָס קויפט איהר אזא סך?

ערסטער

מסתמא דארף איך. שארמאק, ר׳ קרוב, איז ניט מיין שפיעל... און אויף נסים פארלאז איך זיך ניט...

## צווייטע ערשיינונג

גדליה שטופ צו די פריהערדיגע.

צווייטער

איצט וועט מען שוין גאר ניט קענען שפיעלען. דער נודניק איז דא.

שטופ

(אריינקומענדיג) מיסטער פלינק, איהר מעגט זיך ריכטען אויף אן עולם, א גרויסען עולם, גאר א גרויסען עולם, ביי דזשינגא! (פלינק קעהרט זיך פון איהם אב, ער געהט איהם נאך און רעט:) קרויז־קאפ האט היינט גוט גערעט. אבער, פערשטעהט איהר מיך טאקע גוט, גוט וואס גוט הייסט! אויף מיינע מבינות מעגט איהר זיך פערלאזען. האב געהערט די בעסטע — ווארים וואו בין איך ניט אויסגעווען? — האב געהערט די בעסטע רעדנער פון מיין צייט, גאר די בעסטע, פערשטעהט איהר, די סאמע וואזשנע, רעדנער א־לא נאמבעטא, דיזראעלי און... און... א מאלא וועמען נאך? און אגב...! (פלינק דרעהט זיך ארויס פון זיינע הענט און געהט אריין אין קיך; שטופ רעט ווייטער אין דעמזעלבען טאן, זיך ווענדענדיג צום קעלנער:) און אגב, זאג איך, בין איך דאך עפעס אליין אויך ניט פון די קאליקעס ווען עס קומט צום רעדען...

שמעלקע

יע, צום רעדען, ניט צו פערזינדיגען, איהר רעט, פאני שטופ, ווי א היימישער שדכן, אדער א היגער בארבער...

שטופ

(א ביסעל בעליידיגט) אלס א ווערטעל גאר ניש־קשה׳דיג, דזשאו!... א קלוגער אורח האט דאס מסתמא געלאזט פאלען דא און איהר האט עס אויפגעהויבען...

שמעלקע

אין קלוגע געסט זיינען מיר דאָ, הלואי ווייטער, ניט זעדנע, פּאַני שטופּ. פון אייך אַליין...

שטופּ

פון מיר אַליין האָט איהר שוין גאָר געמעגט...

שמעלקע

אודאי! חאָטש שטעה און קלייב... מיט אייערע ברעקלעך קען מען אָנקאָרמענען אַ פּולק זעלנער און איך בין, ברוך השם, דאָ ארום אייך גרוי און אַלט געוואָרען.

פלינק

(פון קיך) נעהם, שפּריים אוים אַ ריינעם טישטוך אויפ'ן גרויסען טיש! (שמעלקע געהט אַוועג, שטופּ רוקט זיך צו צו די דאָמינאָ־שפּיעלער.)

שטופּ

ווער געווינט, אַ ציקאַוועס? וואָס? איהר פערשרייבט דאָס גאָר ניט? איך האַלט פון פאַרשרייבען, און טאַקע ריכטיג פאַרשרייבען. וואָס טויג אייך האָבען אַ מחלוקה נאָך יעדען שפּיעל? ביי מיר איז אַ כלל... איי, איי, איי! גזלן, וואָס טוט איהר? גאָט איז מיט אייך! אָט דער גאַנג קוילעט אייך דאָך אוועק... קוילעט אָהן אַ חלף... צום פינף האָט איהר געדאַרפט נעהן, צום פינף!

ערסטער שפּיעלער

ר' קרוב, זייט מוחל, קוקט און שווייגט... אַז מען וועט זיך נויטיגען אין אַן עצה, וועט מען דערגעהן אייער אדרעס. (צום צווייטען:) אַביסעל לעבעדיגער! אַ שטיין אָדער אַ ביין, מען קען דאָך אַזוי איינדרעמלען אונטער אייערע הענט...

פלינק

במחילת כבודכם, רבותי, אַ האַרעלע שטילער. מי קומט פונ'ם מיטינג, קומט מען. (אַריינקוקענדיג אין טיהר:) אָה, מים בערמאַן, מיסטער בערמאַן, ווי געהט'ס?

בערמאַן

אַ איד וואָלט געזאָגט: „ווי זאָל עס געהן?"

שפרה

נאָר מיר, נאַאום, זיינען דאָך קיין אידען ניט...

בערמאַן

דו לאָזט אַן אויג ניט אראָב פון דיינע אידען... בעשיץ זיי, אָבער איך קלער, מי קען זיין אַ גאַנץ גוטער איד און זיך אָבגעוואוינען פון יענע מידות, וואָס מאַכען דעם אידען לעכערליך...

שפרה

און זיך צוגעוואוינען צו ניט־אידישע מידות, וואָס מאַכען איהם נאָך לעכערליכער, ווייל זיי זעהען אויף איהם אוים ווי דער פּראַק איבער אַן ארבע־כנפות.

שטוף

בראַוואָ! בראַוויסימאָ! דאָס רוף איך אָריינגעזאָגט... און ווי נאָך אריינגעזאָגט... איך געדענק מיט עטליכע יאָהר צוריק, שעהנע עטליכע יאָהר צוריק, איך בין נאָך דאַן געווען גאָר אַ יונגער מאַן...

שפרה

דאָס וויסען מיר; דאַרפסט קיין פּחד ניט האָבען, אַז מען וועט אייך האַלטען פאַר אַלט... נאַאום, בעשטעל טיי! קרויזקאָפּ האָט היינט זעהר גוט גערעט; ער קען זיין זעהר אַנגענעהם אויף דער פּלאַטפאָרמע... (נאַאום גיט זיין אָרדער אָהן ווערטער.)

ערסטער שפּיעלער

(פּלאַצט אַרויס) האָב טאַקע געקלערט, אַז איהר וועט דעם דאָפּעל־פינף ניט האָבען... אין חכמה ואין עצה כנגד איינעם וואָס איהם געהט אַ שטיין.

צווייטער

אָבער פערשפּיעלט האָט איהר? הייסט דערלאַנגען טיי און מיר געהען אהיים. שפּעט געננוג. אגב... עס לאַכט זיך עפּעס ניט מעהר... האָב אייך געזאָגט, אַז דער גלגל חוזר קען זיך דערלאַנגען אַ דרעה צו מיר, וועט...

ערסטער

איהר זייט אזא שפּיעלער ווי איך בין א טענצער... האָט אייך דעם מאָל אָבגעגאָלטען. וועל מיט אייך מאָרגען לערנען בלק.

שמעלקע

צוויי טיי, מיינע העררען ? (ערסטער שפּיעלער שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ: יא !)

שטופּ

זאָל דאָס מיר צוקומען וואָס אייךביידען פעהלט צו גרויסע שפּיעלערס. איהר האָט געדאַרפט זעהן ווי דער גרויסער, דער וועלט-בעריהמטער צוקערטאָרט פלעגט שפּיעלען אָט אין די ביינדלעך. איינמאָל, געדענק איך, זאָגט ער צו מיר... עס געהט אַן עולם, אַן געהט קרויזקאָפּ !

## דריטע ערשיינונג

קרויזקאָפּ און פערשיעדענע געסט צו די פריהערדיגע.. זעצען זיך אויס פּאָאר-ווייז, אַנדערע איינציג-ווייז אַרום די טישלעך. קרויקאָפּ ענטפערט אויף בערמאַנ׳ס גרוס פון ווייטען און זעצט זיך אין א ווינקעלע.

בערמאַן

וואָס האָסטו פריהער געוואָלט זאָגען וועגען קרויזקאָפּען אויף דער פּלאַטפאָרמע ?

שפרה

מעהר נישט, אז פון דער פּלאַטפאָרמע מאַכט ער זעהר אַן אַנגענעהמען איינדרוק, בעת פריוואַט, זאָגט מען, איז ער אַן ערגערער בער ווי יענער אין טשעכאָוו׳ס וואָדעווילטשיק.

בערמאַן

אַן אַנדער סאָרט בער, אַן אַנדער סאָרט פרויענבער...

שפרה

וואָס רופסטו אַנאַנדער מין „פרויענבער" ?

בערמאַן

ער איז אַ פּרויעקטאַנט, אַ פערשוואָרענער שונא אייערער... דו זעהסט ווי ער זיצט אָבגעקעהרט אָן אַ זייט? דאָס מיידט ער דיך אויס... ווען ניט דו, וואָלט ער צו מיר צוגעגאַנגען און מיר וואָלטען זיך אפשר פריינדליך אונטערהאַלטען... דערזעהט ער אַ ווייבס־פּאַרשוין ציעהט ער זיך צונויף ווי אַ יאָזשיק... אין אַ קנויל.

שפרה

(לאַכענדיג) מיט אַלע זיינע נאָדלען אויסגעשטעלט געגען אונז אָרעמע ווייבער, מסתמא...

בערמאַן

יע, מוכן ומזומן צו שטעכען רעכטס און לינקס, טאָמער ריהרט איהם אַזוינע ווי דו אָן, ספּעציעל אַ יונגע...

שפרה

וואָס איך הער? פאַרוואָס ספּעציעל...

בערמאַן

אַ יונגע? ווייל ער פיהלט זיך ניט אַזוי זיכער ווי אין דער געזעל־שאַפט פון פרויען, אָדער עלטערע מיידלעך.

שפרה

ער האָט געמוזט זיין דער העלד אין אַ שרעקליכען ראָמאַן... האָט זיך פערבריהט אויף הייסע און בלאָזט אויף קאַלטע.

בערמאַן

אַזוי ווייזט עס אויס. נאָר פרעג מיך ניט, וואָס דאָרטען האָט ביי איהם אַזוינס פּאַסירט, וואָרים דאָס ווייס קיינער ניט. יעדענפאַלס ווייס מען ניט יענע איינצעלהייטען מיט אַלע זייערע רעדעלעך און שרייפעלעך, וועלכע דיין ווייבערשע נשמה גאַרט געוויס צו וויסען.

שפרה

נו, אודאי! אָהן אַ שטיינדעלע אין מיין גערטעלע בעגעהט זיך דיינע אַ רעדע ניט; זאָל דיר'ס וואויל בעקומען. אינטערעסאַנט, לאָמיך פאַרבייגעהענדיג דיר זאָגען, נאאום, איז דאָס, וואָס איהר ראַדיקאַלע, פאָרטגעשריטענע מענער, הגם איהר האַלט אין איין

שרייען, אַז די פרויען דאַרפען האָבען גלייבע רעכטע מיט מאַסנ־בילען, ווייל זיי זיינען, זאָגט איהר, אין קיין פּרט ניט וועניגער מענשען ווי די מענער, לאָזט איהר אין פּריוואַט געשפּרעך קיינמאָל ניט פאַרביי אַ געלעגענהייט, אונז צו ווייזען מיט וויפיעל מיר זיינען קלענער און שטעהען, כלומרשט, ניעדריגער פאַר אייך. (קרימט איהם איבער:) „דיין ווייבער׳שע נשמה“! ווי לייכט זי וועגט אין אייער וואָגשאָל, די נשמה די ווייבער׳שע, ווען איהר בעדאַרפט איהר ניט אַלס אַ צוגאָב צום ווייבער׳שען גוף!

בערמאַן

גלייך געפינסטו זיך בעליידיגט! אפשר וועל איך עס נאָך ערגער מאַכען, אָבער מיר דאַכט, אַז דאָס איז אויך אַ ווייבער׳שער חסרון: איהר פערשטעהט ניט קיין שפּאַס!

שפרה

אודאי ניט! ווי קומען מיר מיט אונזער ווייבער׳שען פערשטאַנד דערצו? און דאָך דאַרף מען בסדר ביי אייך אויפּפּאַסען דוקא ווען איהר שפּאַסט, אָדער בייזערט זיך, ווייל נור דאַן דערגעהט מען ביי אייך אַן אמת, נור דאַן, ניט אַנדערש... אָבער לאָמיר רעדען פון פרעהליכערע זאַכען! ווען ביזטו מיט קרויזקאָפּען בע־קאַנט געוואָרען? (שפּיעלער און אַנדערע געהען אַרויס.) האַ?

בערמאַן

מיט אַ יאָהר זעקס־זיעבען צוריק אין ציריך. מיר האָבעןביידע שטודירט אין בערן, ער מעדיצין, איך — יורא. געטראָפען האָבען מיר זיך אויף אַ פּאָליטישען קאָנגרעס... דאָס איז געווען ניט זעהר לאַנג נאָך זיין גרויסען ראָמאַן, דאָס הייסט נאָך דעם ענד, דער „ראַזוויאַזקאַ“ ווי מיר זאָגען. די וואונדען זיינען, ווייזט אויס, יעמאָלט ביי איהם נאָך געווען אָפען און ער האָט מיך גלייך פער־אינטערעסירט. אונגליקליכע ליעבהאָבער זיינען זעהר אינטערע־סאַנט ווען זיי... ווען זיי ליאַרמען ניט וועגען זייער וועהטאָג...

שפרה

דאָס הייסט אויף פּאָעט־לשון, ווען זיי טראָגען די אָפענע וואונדען

פערשלייערט און בעהאלטען. איך פערשטעה... דערצו דארף מען ניט קיין שכל, דאס בענעהמט א פרוי מיט'ן הארצען.

בערמאן

דו ביסט היינט זעהר ביטער, סאניא!

שפרה

(האלב אין שפאס) אין קאנטראסט געגען דיין זיסקייט. אבער מיר וועלען לאנג איינער פון דעם אנדערן ניט ליידען... נאך א וואך, נאך צוויי. לאמיך נור קריגען א פאס.

בערמאן

אויב מיר זאל זיך איינגעבען מיין פלאן... (שטופ געהט אוועק פון קרויזקאפ'ן און געהט צו בערמאנען) איהם דארף איך. עס איז וויכ־טיג אז איך זאל מיט קרויזקאפען זיך דורכרעדען אונטער פיער אויגען. שטופ!

שטופ

(זיך איראניש פערבויגענדיג) וואס גערוהען זי בעפעהלען וואלען צו האבען?

בערמאן

טוט מיר א געפאלען, דאס הייסט טוט עם מיין שוועסטער. איך מוז דא פערברענגען א מינוט 10-15 מיט קרויזקאפען. מיט איהם צו רעדען מוז איך משלח זיין סאפיען, ווייל א ניט אנטלויפט ער...

שטופ

כידוע! נו?

בערמאן

איז דערפאר טוט סאפיען אביסעל וועה דער קאפ און אזוי ווי די נאכט איז א שעהנע, און די לופט פריש, באט איהר אן אייער ארעם און געהט מיט איהר ארום אהין און צוריק הא אין גאס, ביז מיר קומען ארויס. (שטופ וויל ענטפערן.) אהן „ספיט־שעם“! די צייט איז קורץ.

שטופ

איבערגליקליך, אויב פרוילײן בערמאַן איז צופריעדען.

שפרה

צופריעדען און דאנקבאר. קומט! (ביידע אָב.)

בערמאַן

שמעלקע! וואו איז פלינק?

שמעלקע

אין בעט. וואָס דארפט איהר?

בערמאַן

זײן אלײן מיט קרויזקאָפּען.

שמעלקע

פערשטעהע. זעהט! מיר דאכט, ער האלט ביין אײנשלאָפען.

בערמאַן

נײן, דאָס איז ער פערטיעפט אין זײן צײטונגג...

שמעלקע

צוויי גלאָז פרישע טיי, א פעקעל טערקישע און איך לאָזען אלײן?
איך קען מײנע קונדען.

בערמאַן

וואָרום, נאָך ניט צײט, וואָס?

שמעלקע

א ביסעל פרישע יעסען־לופט קען מיר אויך ניט שאַדען. (ער שטעלט אַוועג די פּאַפּיראָסען מיט צוויי גלעזער טיי נעבען קרויזקאָפּען; בערמאַן געהט צו צו איהם; שמעלקע אָב.)

בערמאַן

(צו קרויזקאָפּען) נעהמט א גלאָז טיי, קרויזקאָפּ, פערראַיכערט א פּאַפּיראָס און שענקט מיר צעהן מינוט צײט.

קרויזקאָפּ

(ארויסנעהמענדיג דעם קאָפּ פון דער צײטונג) וויכטיגע נײעס פון רוס־לאנד, בערמאַן?

בערמאַן

די בעוועגונג שטעהט אויף תחית המתים; אָבער, אויב איהר וועט מיר ערלויבען, וועלען מיר היינט לאָזען די פּאָליטיק אַן א זייט.

קרויזקאָפּ

איהר רעט זעלטען אין אזא טאָן...

בערמאַן

דער ענין איז ניט קיין געוועהנליכער, מיין ליעבער קרויזקאָפּ, איהר וועט מיר מוזען ערלויבען אייך צו שטעלען שעהנע עטליכע פראגען, כדי צו פערשפּאָרען צייט. דאָס איז צווישען אונז אויך ניט קיין געוועהנליכע פּראָצעדור, אָבער אונטער די אומשטענדען זעהר, זעהר א נויטיגע.

קרויזקאָפּ

פרעגט. וואָס איך וועל קענען וועל איך ענטפערן.

בערמאַן

טו הערט־זשע!

קרויזקאָפּ

(פערדרויכערט א פּאַפּיראָס און דערלאַנגט בערמאַנען איינעם) איך הער, איך הער!

בערמאַן

איהר זייט אַן ענגלישער אונטערטהאַן, ניין?

קרויזקאָפּ

געוויס, שוין עטליכע יאָהר!

בערמאַן

און געבאָרען זייט איהר אין עסטרייך?

קרויזקאָפּ

יע, דאָס הייסט, נאַטירליך, אין גאַליציען.

בערמאַן

אין רוסלאַנד זייט איהר געוועזען א פּאָאר יאָהר מיט אַן עסטרייכישען פּאַספּאָרט.

קרויזקאָפּ

ריכטיג. דאָס קלינגט ווי אַ רוסישער דאָפּראָס. (ער שמייכלט.) אָבער ווייטער, ווייטער!

בערמאַן

אין רוסלאַנד זייט איהר אין דער בעוועגונג ניט געווען טהעטיג, ניט אַכטענדיג...

קרויזקאָפּ

אויף מיינע סימפּאַטיען און איבערצייגונגען, — ווי שטופּ וואָלט זאָגען, „מיין ליעבע צו דער זאַך איז געווען אַ ריין פּלאַטאָנישע.“

בערמאַן

(שמייכלענדיג) גוט. און דאָס ברענגט מיך צו אַנאַנדער פראַגע, פאַר וועלכע איך מוז בעטען ענטשולדיגונג פאָראויס, ווייל...

קרויזקאָפּ

פרעגט, זשעניִרט זיך ניט. אינ׳ם שלימסטען פאַל וועל איך ניט ענטפערן. מיר זיינען דאָך ניט קיין פרעמדע.

בערמאַן

איהר האָט נאָך אַלץ פיינט די... די פרויען?

קרויזקאָפּ

ווי די שפּינען — בתולות, אלמנות און גרושות...

בערמאַן

שעהנע און יונגע אויך?

קרויקאָפּ

זיי אַם מייסטען... פיינט ווי דעם טויט אַלץ וואָס לעבט אין קאָר־סעטען און ספּאָדנעצעס...

בערמאַן

און איהר זייט נאָך אַלץ ענטשלאָסען קיינמאָל, קיינמאָל ניט צו הייראַטהען?

קרויזקאָפּ

סאיידען איך וועל משוגע ווערען... אָבער, הערט! די פראַגע איז פאַר אַ מענשען ווי איך אַ בעליידיגונג...

בערמאַן

איך האָב אייך געבעטען פּאָרוים אום ענטשולדיגונג. אייער טייוערט קאַלט. גיט מיר אַ מעטש... אַ דאַנק אייך...

קרויזקאָפּ

(האָט איהם דערלאַנגט; טוט אַ זופּ) רעדענדיג וועגען חתונה האָבען...
האָט א י ה ר נים אויף זיך אַרויפגעשלעפּט דעם יאָך?

בערמאַן

איך? ניין. ווארום פרעגט איהר?

קרויזקאָפּ

איז דאָ ניט מיט אייך געוועזן אַ מיידעל, אָדער אַ ווייבעל? האָב געמיינט...

בערמאַן

דאָס איז געוועזן מיין שוועסטער. זי איז אויך געוועזן אין בערן, אָבער שוין ניט אין אייער צייט... וועגען איהר וויל איך טאַקע מיט אייך רעדען...

קרויזקאָפּ

וואָס ווענינגער, לאָמיר האָפען.

בערמאַן

ניט פיעל...

פלינק

(שרייט אַרונטער פון אויבען: שמעלקע!!)

פ י ע ר ט ע   ע ר ש י י נ ו נ ג

שמעלקע, באַלד שטופּ און שפּרה צו די פריהערדיגע.

שמעלקע

(אַריינקומענדיג) איך קום, איך קום! וואָס ברענט דאָרטען ביי אייך? (גיעהט אַרויף אויבען.)

קרויזקאָפּ
מיסטער פלינק'ען מוז ווערן מען די הארץ אויף די גען, וואָס מיר ברענגען אוים. לאָמיר דאָס טאַקע מאַכען גיכער און גערן.

בערמאַן
עס וועט ניט לאנג דויערן. איז... וואָס איך וויל וויסען... אהאָ! וואָס איז דאָס? מיין שוועסטער קומט צוריק מיט שטופּ'ען...

קרויזקאָפּ
(אין פערלעגענהייט) וואָס ווילען זיי?

שפרה
(צו איהר ברודער) זאָג מיסטער שטופּ'ען אז ער איז ניט ביין זינען.

שטופּ
פרוילייז בערמאַן, מיט מיין גאַנצען רעשפּעקט פאר אייך, און מיין רעשפּעקט פאר אייך איז גרויס, זעהר גרויס, גאָר, גאָר גרויס, פערשטעהט איהר מיך, מוז איך אייך זאָגען, אז איך בין גערעכט...

בערמאַן
ארום וואָס רעדט איהר? און מיט אזוי פיעל היץ?

שפרה
הערר שטופּ, ווי געוועהנליך, זעהט אומעטום שפּיאָנען...

שטופּ
אומעטום, ווי אומעטום! לאָז זיין אז איך בין משוגע, אָבוואָהל, איך פערשטעה זיך אויף די טונקעלע חברה... איי, פערשטעה איך זיך! און ווי נאָך פערשטעה איך זיך! איך פערשטעה זיך שוין גאָר גוט! נאָר איך רעד ניט איצט וועגען סתם שפּיאָנען, עפּעס גלאָט אזוי אין דער וועלט אריין שפּיאָנען. דאָ ביין הויז, ארום הויז, ארום אייערע פענסטער האָט זיך טאַקע איצט — און ווען איך זאָג איצט, מיין איך איצט... די געגענוווערטיגע צייט, בעת איהר ביידע האָט דאָ גערעדט — ארומגעדרעהט א רוסישער שפּיאָן און טאַקע א רוסישער: האָב איהם דערקענט נאָך זיין פּאָכאָדקע, נאָך זיין הילוך...

בערמאַן

(צו זיין שוועסטער) ווי ווייט ביזטו געווען פון איהם?

שפרה

אַ הייזער צוואַנציג... ער איז משוגע, מיין קאַוואַליער.

בערמאַן

ענדיג) ניט אין גאַנצען. וואו איז דער שפּיאָן אהינגעקומען?

שטוף

איז מיט אַ פּאָאַר מינוט צוריק פּלוצלונג פערשוואונדען... עפּעס ווי די ערד וואָלט איהם איינגעשלונגען.

בערמאַן

בערוהיגט זיך, ליעבער שטוף. שפּיאָנען זיינען אפשר אַרום אונז דאָ, אָבער גראָד דאָס מאָל האָט איהר געזעהן אונזער אַלטען גוטען פריינד, דעם קעלנער, שמעלקע'ן.

שפרה

דאָס האָסטו איהם מן הסתם אַרויסגעשיקט צו קענען זיין אַליין מיט הערשן קרויזקאָפּ. (ער פערבויגט זיך צו איהר, זי ענטפערט מיט אַ שמייכעל, טוענדיג אַ שאָקעל מיט'ן קאָפּ; קרויזקאָפּ ווערט קאָנפוז.)

שטוף

איז דאָס מעגליך? (שמייכעלט.) טאָ פאַר וואָס איז ער מיט אַמאָל פערשוואונדען? איך וואָלט געשוואָרען, אַז ער האָט זיך אַריינגע־גנב'עט דורך אַ פענסטער אַהער אין הויז, כדי צו קענען האָרכען און איהר זאָלט איהם ניט זעהן.

בערמאַן

ניט אַריינגע'גנב'עט האָט ער זיך, ער איז אַריינגעלאָפען, און ניט דורכ'ן פענסטער, נור דוקא דורכ'ען טיהר, ווי אַלע מענשען פון אַ גאַנץ יאָהר. האסטיג, דאָס איז אמת, איז ער אַריין, ווייל הערר פלינק האָט איהם מיט כעס אַ רוף געטאָן.

שפרה

הייסט דאָס, הערר שטוף, אַז מיר האָבען דאָס מאָל...

שטופּ

דאָס מאָל ווייס איך ניט, אָבער אזא פּאַל איז געווען אין זשענעווא בײַ פּראָפעסאָר דראַגאָמאַנאָוו, ווייסט איהר דאָך פּראָפעסאָר דראַגאָמאַנאָוו, דעם גרויסען דראַגאָמאַנאָוו...

שפרה

קומט, איהר וועט דאָס מיר דערצעהלען אין גאַס. דאָ איז סאַיי ווי סיי צופיעל אָנגערויכערט און אגב — שיינט עס... (טוט אַ שעלמישען קוק אויף קרויזקאָפּ'ען) זיינען מיר דאָ איבריג. אַן אונגעבעטענער גאַסט, זאָגט דער רוס, איז ערגער פאַר אַ טאָטער"... קומט! (זי נעהמט שטופּ'ס אָרעם און געהט מיט איהם אַרויס.)

קרויקאָפּ

דאָס איז אַן אמת'ע מאַניע, די שפּיאָנענזוכעריי. שטופּ איז ניט דער איינציגער... די מגפה האַלט זיך אין פערשפּרייטען. נאָך לאָמיר צוריקקומען צו אונזער ענין... און מאַכט עס גיך.

בערמאַן

אזוי קורץ ווי עס וועט זיך לאָזען. הערט־זשע! איהר זאָגט איהר האָסט פרויען... גלויבט איהר, אז דאָס וועט אימער אזוי זיין?

קרויזקאָפּ

(אונגעדולדיג) הערט, בערמאַן, זיינען די אַלע פראַגען ווירקליך נויטיג?

בערמאַן

זעהר נויטיג. איהר מוזט מיט מיר האָבען געדולד. זייט איהר זיכער, אז איהר וועט אימער אזוי פיהלען און דענקען?

קרויזקאָפּ

אבסאָלוט זיכער!

בערמאַן

אז איהר וועט קיינמאָל שוין ניט חתונה האָבען?

קרויזקאָפּ

אזוי זיכער ווי איך בין זיכער מיט'ן טויט.

בערמאַן

און טאַמער... קען דאָס גאָר ניט פּאַסירען, אַז צו אייער הארצען זאָל אמאָל אויך דערגעהן אַ פּייל פון גאָט אמאָר'ס בויגען?

קרויזקאָפּ

(שמייכלענדיג, אָבער ביטער) קיין פּייל וועט ניט דורכנעהמען דעם פּאַנצער, וואָס איך טראָג געגען מיין ברוסט.

בערמאַן

הונדערטער, טויזענדער מענשען, אין אַלע צייטען, האָבען אין אייערע אומשטענדען געשוואָרען קיינמאָל, קיינמאָל מעהר ניט צו ליעבען, מעהר ניט צו קוקען אויף פרויען און זיינען סוף־כל־סוף...

קרויזקאָפּ

געבליבען נאַרען. איך וויים, איך וויים. אָבער, ליעבער בערמאַן, ניט איין מענש אין אַ מיליאָן האָט געהאַט מיין ערפאַהרונג. וואָלט איך'ס אייך דערצעהלט, וואָלטען זיך אייך געשטעלט די האָאר קאַפּויר. עס איז דערפאַר ניט וואַהרשיינליך, כמעט ניט מעגליך, אַז מיט מיר זאָל געשעהן, וואָס עס איז געשעהן מיט טויזענדער אַנדערע. אָבער... (ער פערטראַכט זיך.)

בערמאַן

יע, אָבער... טאָמער פּאַרט? טאָמער קומט אמאָל פּאַרט אַזאַ ווייבס־בילד, וואָס וועט נעהמען נעפּאַנגען אייער הארץ מיט'ן פּאַנ־צער מיט אַלעמען, וואָס דאַן?

קרויזקאָפּ

טאָמער פּאַסירט אַזאַ אונמעגליכע זאַך פּאַרט — און לאָנדאָן ברידזש וועט גיכער זיך פערוואַנדלען אין אַ בריק פון שפּינוועבס — דאַן וועל איך ווערן נאָך אומגליקליכער, ווי איך בין שוין איינמאָל געוועזען, וייל...

בערמאַן

יע, יע, וייל....

קרויזקאָפּ

ווייל וואָס מעהר איך וואָלט איצט אַ פרוי ליעבען, אַלץ מעהר וואָלט איך זיך האַלטען ביי מיין בעשלוס, ניט חתונה צו האָבען.

בערמאַן

אפילו ניט אין דעם פאַל, ווען זי וואָלט אייך ליעבען?

קרויקאָפּ

דאַן געוויס ניט...

בערמאַן

איך פערשטעה אייך ניט, ווארום דאַן געוויס ניט?

קרויזקאָפּ

אָה, איהר זייט נאָך גאָר אַ קינד, בערמאַן! קודם, וואָס הייסט ליעבען, מיך ליעבען? ! אַ פרוי מיך ליעבען? ! אַ פרוי'ס ליעבע איז ענטוועדער פאַלש, אַזוי פאַלש און אַזוי ווייניג סאָליד, אַזוי פוסט און אָהן אַ ממשות, ווי דער שוים פון... ניט פון ים, (מיט אַ שמייכעל) נור פון אַ גלאָז בייעריש־־ביער... אָדער אַניט, געהט דאָס איבער איידער איהר קוקט זיך ארום. אָה, איהר קענט זיי ניט... אַ שלאַנג אַרום אייער ברוסט איז ניט אַזוי געפּהרליך ווי אַ ווייבערשע אומאַרמונג... אין אַ שולער איז דאָ מעהר אמת, מעהר עהרליכקייט ווי אין אַ פרויענצימער... אַ.. אַ... (ער טוט זיך אַ נעהם פאַר'ן הארצען) לאָז זיין! גענוג!

בערמאַן

והשנית?

קרויזקאָפּ

וואָס מיינט איהר?

בערמאַן

איהר האָט אָנגעהויבען: „קודם... קענען זיי ניט ליעבען" און אַזוי ווייטער... נו, טאָמער אָבער...

קרויזקאָפּ

גערעכט! וואָס איך האָב געוועלט אויספיהרען איז איינפאַך אָט־וואָס: טאָמער פאַסירט אז איך זאָל דורך ערגיץ אַ כישוף, אז איך

זאָל דורך ערגיץ אַן איבערנאַטירליכען צופאַל זיך פאַרליעבען זיין אַזאַ פּרויענצימער, וואָס זאָל מיך ווירקליך אמת ליעבען... וואָלט איך דאַן ערסט רעכט מיט איהר ניט חתונה געהאַט, כדי ניט צו האָבען די מעגליכקייט ווידער אַמאָל צו דערלעבען דאָס וואָס איך האָב דורכגעלעבט, ווייל צוויי מאָל קומט קיין אברהם ניט אַרויס לעבעדיג פון אַן אור־כשדים. אָבער צו־וואָס איז דאָס אַלץ אייך נויטיג צו וויסען?

בערמאַן

איהר וועט באַלד זעהן. לאָמיך צוערסט אונטערציהען די אונטערס־טע שורה, כדי צו געהן אויף אַן אייזערנעם בריק צום תוך פון מיין ענין... סומא סומאַרום פון אַלע אונזערע רייד, הייסט דאָס, איז אַז אין קיין פאַל וועט איהר קיינמאָל ניט נעהמען קיין ווייב, אפילו ניט ווען אייערע געפיהלען זאָלען זיך ענדערן...

קרויזקאָפּ

יע, דאָס איז דער סך־הכל. אָבער...

בערמאַן

דאָס פרעהט מיך צו הערען. אויב אַזוי, האָב איך, דאַכט זיך, אַנ־געקלאַפּט אין די ריכטיגע טיר...

קרויזקאָפּ

וואָס מיינט איהר?

בערמאַן

אָט איז וואָס איך מיין: איהר, מיט אייער גרויסע האַרץ, קרויז־קאָפּ, מיט אייערע בעקאַנטע צוגעבונדענקייט צו אונזער הייליגער זאַך, קענט איצט גליקליך מאַכען אַ מענשען.

קרויזקאָפּ

איהר ווערט מיסטעריעזער מיט יעדען אויגענבליק. ווי אַזוי קען איך דאָס טאָן? דאָס — וואָס?

בערמאַן

אַזוי ווי איהר האָט בעשלאָסען קיינמאָל ניט צו נעהמען קיין ווייב, פערלאַנג איך, אַז איהר זאָלט חתונה האָבען מיט מיין שוועסטער.

קרויזקאָפּ

(פּלאַצט אַרויס מיט אַ היסטערישען געלעכטער) חאַ־חאַ־חאַ! חאַ־חאַ־חאַ! חי־חי־חי! אַ דאַנק אייך — חאַ־חאַ־חאַ! — אַ דאַנק אייך, בערמאַן, אַזוי האָב איך שוין ניט געלאַכט פון יאָהרען... חאַ־חאַ־חאַ! געהט, איהר זייט אַ ליץ!

בערמאַן

ענדיגט לאַכען, וועל איך אייך ווייזען, אַז דער ענין איז זעהר אַן ערנסטער. (קרויזקאָפּ האַלט אין איין לאַכען. פּויזע.)

## פ י נ פ ט ע  ע ר ש י י נ ו נ ג

פלינק אין אַ כאַלאַט מיט פּאַנטאָפעל אויף די פיס לויפט אַריין אין צימער; נאָך איהם שמעלקע פון גאַס.

פלינק

גאָט אי מיט אייך! וואָס טוט זיך דאָ, וואָס? האָב געמיינט די הויז ברענט, אָדער אימיצער איז דאָ משוגע געוואָרען, איז ער... אָדער...

בערמאַן

אָדער גאָר נישט! געהט צוריק אין בעט אַריין. טאָמער ברענען מיר אויס צופיעל גאַז... קען איך דערפאַר בעצאָהלען... ו' שמעלקע איז צופרידען צו וואַרטען נאָך אַ פּאָאַר מינוט... אונזער געשפּרעך איז באַלד צו־ענד. געהט, מיסטער פלינק, צוריק צו אייער רוה. (לאַכט.) איהר זעהט אויס זעהר קאָמיש אין דעם כאַלאַט אייערן.

פלינק

דערלעבט! ווי זאָגט יענער? דער שכן האָט אַרויסגעטריבען דעם בעל־הבית! גוט, געהען מיר. שמעלקע, מאַכט צו, אַזוי גיך ווי זיי געהען אַרויס... (ער און שמעלקע אָב.)

קרויזקאָפּ

איצט שנעל אַ סוף! אָבער רעט ערנסט. פון נאָך אַזאַ לאַך קריעג איך קאָנוואולסיעס, מיין פריינד.

בערמאַן

איהר וועט באַלד זעהן, אַז איך בין זעהר אין ערנסט. די מעשה דערפון איז אַזוי. מיין שוועסטער, סאָפיע, דאַרף אַוועקפאָהרען קיין רוסלאַנד... צוליעב אַ געוויסע זאַך... אין אַלגעמיין פערשטעהעט איהר וואָס איך מיין... אין איינצעלהייטען טאָר מען ניט אריינ־געהן. געווענג, זי דאַרף און מוז פאָהרען... ניט אַהיים, ניין! זי מוז אָבער, דוקא צוליעב דעם עסק, צוליעב וועלכען זי פאָהרט, אַהין פאָהרען לעגאַל, מיט אַ פּאַס, אַן ענגלישען פּאַס. קריעגען אַזאַ פּאַס קען מען פון איינעם אַ היגען אימיגראַנט, איז ער אָבער געוואָרען אַן ענגלישער אונטערטהאַן, זייענדיג אַליין אַ רוסישער אַ געבאָ־רענער. מיט זיין פּאַס איז סאָפיע בעשיצט אומעטום ח ו ץ אין רוסלאַנד... אייך דאַרף מען דאָס ניט דערצעהלען... דוקא דאָרטען, וואו זי דאַרף דעם פּאַס האָט ער פאַר איהר קיין שום ווערטה ניט: ענגלאַנד בעשיצט אייך אומעטום חוץ אין דער מדינה פון וואַנען איהר קומט...

קרויזקאָפּ

איהר זאָגט אַליין, מיר דאַרפט איהר ניט דערצעהלען און דער־צעהלט עס אויף אַ כפול־שמונה׳דיגען אופן. איך פערשטעה וואָס איהר ווילט...

בערמאַן

גוט. אָבער האָ איז דאָ איין קליינינקייט וואָס איך מוז אייך קלאָר מאַכען.

קרויזקאָפּ

צום ביישפּיעל?

בערמאַן

כדי אַז דער פּאַס זאָל סאָפיען קענען נוצען, מוז זי זיין געזעצליך אייער ווייב אַזוי, אַז ווענען דעם זאָל קיין שום ספק ניט קענען זיין. איהר מוזט דורכגעהן די גאַנצע צערעמאָניע מיט אַלע קלי־פּערלעך.

קרויזקאָפּ

וואָס רופט איהר די צערעמאָניע מיט אַלע קליפּערלעך?

בערמאַן

איך מיין, אז אין די אויגען פון די, וואָס קענען איהר דאָ, זאָל זי ווערען בעוואוסט אַלס אייער ווייב.

קרויזקאָפּ

צו וואָס איז דאָס נויטיג?

בערמאַן

דאָס טאָר איך אייך איצט ניט זאָגען.

קרויזקאָפּ

און אויב איך זאָל מיט איהר ווירקליך חתונה האָבען — לפּנים, פּיקטיוו, הייסט דאָס — וואָס קען איך פאַר איהר מעהר טהאָן ווי איהר געבען מיין נאָמען? פאַר'ן געזעץ, מיין איך?

בערמאַן

זי וועט מוזען וואוינען ווענינגסטענס זעקס־זיעבען טעג אונטער אייער דאַך.

קרויזקאָפּ

דער עסק ווערט זעהר קאָמיש. וואָס? נאָך דער חתונה, אָדער פאַר דער חתונה.

בערמאַן

פריהער און נאָכדעם. א וואָך וועט פערגעהן איידער איהר קריגט א פּאַס.

קרויזקאָפּ

און איך וועל שלאָפען אין א האָטעל?

בערמאַן

אזוי שטעל איך מיר עס פאָר. איהר זעהט? פאָרמעל, וועט די חתונה זיין א גאַנץ ערנסטע זאַך און פאַר יעדען אַנדערן וואָלט דאָ געוועזן די געפאהר פערקלאָגט צו ווערען פאַר ביגאַמיע, אויב ער זאָל שפּעטער ווע־לען אין אמת'ן חתונה האָבען, אָבער פאַר אייך...

קרויזקאָפּ

גוט. נו, און וואָס טוט זי, טאָמער (ער לאַכט) טאָמער ענדער איך טאַקע מיין מיינונג און קום און בעשטעה אויף מיינע רעכטע און וויל ווירקליך ווערן איהר מאַן?

בערמאַן

איהר וועט קיינמאָל ניט וויסען וואו זי איז.

קרויזקאָפּ

אָה! אנדערע דבורים. נו, און טאָמער, וויעדער, וויל ז י דאַר־טען חתונה האָבען?

בערמאַן

צורייסט זי דעם פּאַספּאָרט און דעם ענגלישען מעריעדזש־סער־טיפיקייט און איז צוריק די רוסישע פּאַדדאַנע, הבתולה מרת שפרה, אויף טייטש, סאָפּיע בערמאַן. קרויזקאַפּ, איך פיהל, אז איהר וועט דאָס טאָן!

קרויזקאָפּ

גיט מיר צייט אָבצוכאַפּען דעם אָטהעם.

בערמאַן

גוט. איך וועל געהן זעהן וואו מיין שוועסטער איז. (נעהמט זיין הוט און געהט אַרויס.)

קרויזקאָפּ

קעלנער! (שמעלקע רופט זיך ניט אָב; קרויזקאָפּ שטעקט אַרויס די קאָפּ פון טיהר און רופט נאָך אַמאָל:) קעלנער!

שמעלקע

(בעווייזט זיך) וואָס פערלאַנגט איהר?

קרויזקאָפּ

דאָ ביי אייך איז דאָ א פרייער צימער?

שמעלקע

פאַראַן, פאַראַן! וואָרים וואָס?

קרויזקאָפּ

איך וועל איהם, דאַכט זיך, דינגען אויף אַ וואָך. וועל קומען אהער שלאָפען.

שמעלקע

אהער שלאָפען? אזוי!

קרויזקאָפּ

יאָ, מיין פריינד. איך... האַלט! מען קומט...

## זעקסטע ערשיינונג

בערמאַן, צוריק, שפרה און שטופּ צו די פריהערדיגע.

בערמאַן

(צו קרויזקאָפּען) נו?

קרויזקאָפּ

וועל עם דאַכט זיך טאָן.

שפרה

(כאַפּט איהם אָן פאַר די רעכטע האַנד, איידער ער ווערט געוואָהר וואָס דאָ טוט זיך) דאַנק אייך, הערר קרויזקאָפּ! דאַנק אייך, דאַנק אייך!

קרויזקאָפּ

(רייסט אַרויס זיין האַנד; פערטראַכט זיך אויף אַ רגע, דאַן פּלאַצט ער אַרויס מיט אַנאַנדער היסטערישען לאַך:) יאָ, איך טו אַ שידוך!

פאָרהאַנג.

# צווייטער אַקט

**אַ צימער אין מרס. זיגעל׳ס הויז. — אייניגע ביכערשראַנקען, פון פערשיעדענע מינים, אָנגעפּאַקט מיט אַלערליי, מייסטענס אַלטע ביכער. — צייטונגען און פּאַפּיערען אין אַן אונאָרדנונג אומעטום. — לינקס אַ גרויסער פענסטער צום הויף; רעכטס אַ טיהר אין שלאָפצימער אַריין; אינ׳ם צענטער אַ טיהר אין קאָרידאָר אַריין. — אין אַ ווינקעל שטעהט אַ קלאַוויר מיט אַ סך נאָטען־העפטען און לויזע בלעטער, אין אַ מישמאַש. — אין מיטען צימער אַ לענגליכער אַלטמאָדישער טיש און עטליכע שטולען אַרום איהם. —**

---

## ערסטע ערשיינונג

מרס. זיגעל האָט געענדיגט אויפראַמען. זי קוקט מיט כעס אויף די אָנגעוואָרפענע פּאַפּיערען. באַלד קומט אַריין שטופ, מיט צייטונגען און אַ בוך אין האַנד.

מרס. זיגעל

(רעדענדיג אין שלאָפצימער אַריין) איך וואָלט געוואָלט, אז אימיצער זאָל מיר זאָגען, ווען אַ מענש קען דאָס אויסלייענען אָט די אַלע ביכער און ביכלעך און צייטונגען! און נאָך אַ מענש, וואָס געהט אַרום אַ גאַנצען ליעבען טאָג פון הויז צו הויז מיט לעסאָנס... קומט

שפּעט ביינאַכט אַהיים... סאיידען ער זיצט דורך נעכט, אַ קשיא אויף אַ מעשׂה... און די צייטונגען — וויפיעל עס איז דאָ לשונות אויף דער וועלט אַזוי פיעל האָט ער זיי... מיסטער שטופּ זאָגט, אַז מיסטער קרויזקאָפּ... קען אפשר אַ טוץ לשונות און אויף וואָס'ער אַ לשון מי דרוקט אַ ביכעל קען ער זיי לייענען. איך ווייס ? מיי־נער, אונז אַלעמען צו לענגערע יאָהר, איז דאָך אויך געווען אַ איד אַ למדן, אָבער... וואָס אי דאָ צו רעדען ? אַלץ האָט דאָך אַ שיעור: אַז מי זאָל כסדר אַזוי קויפען ספרים, אפילו אַלטע, ווי ער קויפט, קען דאָך דעם מלך'ס אוצר ניט סטאַייען ?

שפרה

(רעט פון אינעווענינ, פונ'ם שלאָפצימער) ער לאָזט דאָס אייך גאָר ניט אָבשטויבען זיינע ביכער ?

מרס. זיגעל

ווען איך שטעה צו איהם שטאַרק צו... איינמאָל אין אַ יובל איז פאַר איהם נאַטע־געננוג... און ווייסט איהר ? ווען איך וויל ביי איהם עפּעס אויספיהרען, פיהר איך אויס... שטעה צו איהם צו איינמאָל, צוויי מאָל און... זיך אָבצוצעפּען, גיט ער נאָך: צו פער־שפּאַרען מיט מיר צו רעדען...

שפרה

(קומט אַרויס פון צימער) און רעדען רעט ער דאָך מסתמא מיט אייך קיינמאָל ניט... ער רעט דאָך מיט קיינעם ניט...

מרס. זיגעל

מיר האָט דאָס נאָך אפילו ניט אָנגעזעהן ווי אַ מענש. איבער דריי יאָהר וואוינט דאָס ביי מיר... דריי יאָהר געוואָרען אין אלול... און פרעגט איהם בחרם ווי איך זעה אויס: מיט'ן קאָפּ אָן אַ זייט רעט ער מיט מיר, און רעט מיט האַלבע ווערטער, עפּעס אַזוי ווי די רייד קאָסטען איהם, אַ שטייגער, טייער אין לייפציג.

שפרה

איך האָב פון איהם דערווייל נאָך ד י עהרע אויך ניט געהאַט.

מרם. זיגעל

מילאָ: מיט אייך רעט ער ניט מחמת ער איז אַ שעמעדיגער. וואָס ווייסט איהר ווי גוט ער איז צו אייך! פאַר די עטליכע טעג וואָס איהר זייט דאָ, טראַכט ער אוים אַלע ווײַלע אַנאַנדער זאַך פאַר אייך. מיינט איהר, ער האָט דאָס אַזוי האָלד בלומען? קיינמאָל איז ביז אייך דאָ אין די ביידע צימערן אַ בלום ניט געזעהן געוואָרען. און שמאַנט צום קאַפע? און דער קאַרפעטעל אונטער די פים אין שלאָפצימער ביי אייך? און אייפּס וואָס ער שלעפּט אָן אַ גאַנצען טאָג? היינט, ווענען וואָלט דאָס גלאַט קרויזקאָפּ אָבגעבען זיינע ביידע צימערן?

שפרה

און מיט מיר רעט ער ניט אוים אַ וואָרט...

מרם. זיגעל

ער שעמט זיך, זאָג איך אייך! אַ מענש האָט שוין פון יאָהרען מיט אַ פּרויענצימער ניט גערעט... ווארט! איהר וועט, אם ירצה השם, אין אַ מזל'דיגער שעה חתונה האָבען, וועט דער הענדעלע שוין קרעהען, ווי הויך ער זאָל ניט האַלטען דעם קאַם! אוי וועט ער קרעהען! אפשר נאָך צופיעל אמאָל. מיינער, איהם צו לענ־גערע יאָהר, האָט אין אָנהויב אויך ניט געקענט קיין צוויי צעהלען. צו פריה... נעבעך... האָט ער רעדען אויפגעהערט (אין האַלז שטעלען זיך איהר טרערען) פאַר דער צייט (הויבט אָן שטיל צו וויינען)...

שפרה

(געהט צו איהר צו) בערוהיגט זיך, פרוי זיגעל! אָט איז מר. שטופּ.

שטופּ

אַ שעהנעם, גוטען מאָרגען אייך, ליידיעס! מיס בערמאַן, איז מר. קרויזקאָפּ שוין געוועזען ביי אייך?

שפרה

ביי מיר? איהר מיינט, דאָ? איך גלויב, ער איז דאָ געוועזען גאַנץ פריה. האָב זיך נאָר־וואָס אָנגעטאָן. איהר דאַרפט איהם זעהר נויטיג? (מרס. זיגעל געהט אַרוים.)

שטופ

האָב נאָכגעפרעגט וועגן דער „ספּעשעל לייסענס". איהר פערשטעהט, ענגלאַנד איז, למשל, טאַקע אַ פרייע מדינה, זעהר אַ פרייע מדינה, די פרייעסטע, זאָגט די וועלט, צווישען די פרייע... דער גרויסער פּאָעט סווינבערן האָט וועגען דעם אַ פיינע פּאָעמע, אָבער גאָר אַ פיינע, איינע פון די פיינסטע אין דער ענגלישער ליטעראַטור. און חוץ אַלעמען...

שפרה

יע, אָבער וואָס האָט דאָס פּאַר אַ שייכות מיט דער „לייסענס"?

שטופ

טו לאָזט־זשע אַ מענשען אויסרעדען, ליעבעס פריילײן... איך זאָג, ענגלאַנד איז זיך טאַקע אַ פרייע מדינה, אָבער אַז מען וויל חתונה האָבען איינס־צוויי־דריי... איז דאָס ניט קיין לייכטע זאַך, גאָר ניט קיין לייכטע זאַך. איהר מוזט האָבען אַ ספּעציעלע ערלויבעניס דערצו און דאָס קאָסט מיה און געלד, מיה און אַן אייגענס געלד, פערשטעהט איהר מיך. נאָר קיינער טאָר דאָס ניט וויסען, דאָס זאָג איך אייך בסוד: ער וויל ניט אַז אימיצער זאָל וויסען וויפיעל דער עסק קאָסט אבי...

שפרה

אבי פון מיר וואָס גיכער פּטור צו ווערען. אַזעלכע גוטע מענשען ווי קרויזקאָפּ קענען אָנטאָן מעהר יסורים ווי אַנדערע שלעכטע.

שטופ

ווען איך בין אויף אייער אָרט, מאַך איך זיך ניט וויסענדיג, גאָר ניט וויסענדיג, איגנאָריר איך איהם... (עס הערט זיך אַ קלאַפּ מיט'ן „נאָקער" אין גאַס־טיהר.) אימיצער קומט. אפשר ער....

## צווייטע ערשיינונג

בערמאַן צו די פריהערדיגע.

בערמאַן

(גריסטביידען) קרוּיזקאַפּ וועט דאַ באַלד זיין. שטעל זיך פאָר, ער, וואָס וויל דיך ניט קענען און ניט וויסען, סאַניטשקאַ, האָט זיך ענטזאָגט פון שעהנע עטליכע פעטע לעסאָנס — האָט זיך, מיין איך, פון זיי פריי געמאַכט — כדי, ווי ער זאָגט, צו קענען וואָס גיכער ענדיגען דעם אונאַנגענעהמען געשעפט.

שפרה

דער עסק וועט איהם קאָסטען אַ שעהנע מטבע? ניין?

בערמאַן

געוויס, דירעקט און אינדירעקט... דו ווייסט, סאָניאַ, אפשר ווען איך וואָלט דעם בער אונזערן בעסער געקענט, וואָלט איך זיך צו איהם ניט געווענדעט. צאָהלען קען מען איהם ניט...

שטוּפּ

צאָהלען? ניט שלעכט, חלעבען! מעהר וואָלט אייך ניט גע־געפעהלט... פּרובירט איהם נאָר אָנבאָטען געצאָהלט, וואָס רייד איך? פּרובירט איהם אַ פּיפּין, אַ וואונק טאָן, אַ שאָטען אויפ׳ן וואנד ווייזען...

שפרה

איהר פערפלאָנטערט זיך, ליעבער שטוּפּ... (לאַכט) ווייטער, ווייטער.

שטוּפּ

וואָס איך מיין איז, פּרובט איהם דערמאָנען דעם וואָרט „בעצאָה־לען" זייט איהר ניט זיכער מיט׳ן לעבען. אַ קליינינקייט, קרויז־קאָפּ! דאָס איז דאָך די גוטסקייט אַליין, אַ האַרץ וואָס פליסט (גיט אַ וואונק צו שפרה׳ן), ווי אַמאָל ארץ־ישראל, מיט לויטער מילך און האָניג.

שפרה

ע טי, ברוטע! איהר אויך געגען מיינע אידישקייט? אַלע גע־

געזן מיך! און דערביי בין איך אייך מוחל גאנץ ארץ ישראל; אפילו אהן ד י ביסעלע ערד צוקאפּענס, וואס מי גיט ביי אונז דעם טויטען, וואלט איך זיך קענען בעגעהן. אלץ וואס איך וויל איז אז מיר זאלען אלע אויפהערען צו שפּיעלען ראלען וואס מיר קענען ניט דורכפיהרען, ווייל די ראלען זיינען גוי'שע און אונזערע פּנים'ער — אויגען, נאז און ברעמען — זיינען אידישע. מיר איז, דערפאר, אפילו אנגענהמער ווען איהר רופט מיך שפרה און ניט סאפּיע. עפּעס הארמאנירט מיין נאז ניט מיט סאפּיען: ער איז דערצו ניט גריעכיש גענוג... דאס האב איך שוין אין גימנאזיע געפיהלט בעת איך פלעג זיך זעצען אויף דער סקאמייקע לעבען די אמת'ע סאפּיעס.

בערמאן

צווישען ניט־אידען זיינען אויך ניט אלע נעזער גריעכישע און ניט אלע קעפּ בלאנדע און פון דעסטוועגען זיינען ביי די אלע פעלקער דא דיזעלביגע סאפּיעס און מאריא'ס... ווער איז די אמת'ע סאפּיע? אויב דו ווילסט איז דאס אפּט פּונקט פערקעהרט: דער אמת'ער „איוואן", למשל, פון רוסלאנד, דער אמת'ער יאהאן פון דייטשלאנד, דער אמת'ער „זשאן", דער „אמת'ער „דזשאהן" פון פראנקרייך און ענגלאנד איז דער אידישער יוחנן — יא־האנאן — וואס האט ביי יענע אלע פעלקער אנגענומען די פארמע, וואס מען רופט, וואס דו רופסט א „גוי'עשען" נאמען.

שפרה

אבער, ליעבער נאאום, דו ווייסט גאנץ גוט, אז דער אונטערשיעד איז ניט אין נאז, אויגען און האארפארב אליין. מיר אונטערשיידען זיך פון די, וועלכע מיר טאנצען נאך און קרימען אין יעדען פּרט איבער, אין פיעל אנדערע הינזיכטען אויך. מיר קענען אונזער פּנים און קליידונג ענדערן, פון בארד און פּאות לויז ווערען, מיר קענען אונזער צונג „ציוויליזירען", אבער מיר קענען ניט אונזער נשמה אונזער פערגאנגענהייט, אונזער כאראקטער אונזערע גע־וואוינהייטען, אונזערע טאטעס און מאמעס ניט ענדערען, ניט לויז

ווערען, ניט איבעראַנדערסען. און כל־זמן מיר קענען דאָס ניט, וועט יענטע זיין לעבערליך אַלס יעווגעניאַ, און שפרה אַלס סאַפיע.

שטוּפּ

איהר ביידע דאַרפט נור צונויפקומען, ברעכט גלייך אויס דער ציוויל־קריעג! וואָס קימערט אייך ביידען אַזאַ זאַך ווי אידישקייט? וואָס זייט איהר ביידע פאַר אידען? רק איהר קריעגט זיך וועגען נאַציאָנען און נאַציאָנאַליטעטען... דערווייל האָט איהר אין גאַנצען פערגעסען, אַרום וואָס מיר האָבען גערעט. און די פראַגע וועגען קרויזקאָפּ'ס האַנדלונג געגען אייך איז אַ וויכטיגע פראַגע, זעהר אַ וויכטיגע, איינע פון די סאַמע וואַזשנע פון דעם לעבען פון...

שפרה

מיר פערשטעהען, נור וואָס זאָל מען טהון?

שטוּפּ

דאָס איז, ווי איך פערשטעה עס, ווי איך, מיט מיין קליינעם פערשטאַנד בעגרייף עס, אַ פראַגע פון פערפליכטונג, פון נעהמען אויף זיך דאַנקבאַרקייט פאַר אַ טובה; פון דאָס וואָס מען רופט אויף ענגליש, אויף דעם לשון וואָס ווערט גערעט דאָ אין לאַנד, „אָבליגיישען" און „אָבליגיישען" לויט ווי ספּענסער, ווי הערבערט ספּענסער, דער גרויסער הערבערט ספּענסער, וויל האָבען, ווי ער דעפיניר עס אין זיין בוך איבער „עטהיקס", אין דעם ערסטען טהייל... אויב איך האָב ניט קיין טעות, אין דעם 15טען קאַפּיטעל... מי קלאַפּט!

מרס. זיגעל

מיסטער בערמאַן, אַ מאַטראַץ איז אָנגעקומען, אַ בעצאָהלטער. אָט איז אַ צעטעלע. (דערלאַנגט איהם.)

בערמאַן

(לעזט שנעל איבער) נו, פערשטעהט זיך. קרויזקאָפּ האָט זיך געכאַפּט אַז מרס. זיגעל'ס אַלטער מאַטראַץ פונ'ם בעט האָט איהם געמאַכט... (שלינגט אַרונטער אַ פּאָאַר ווערטער.) איז קורץ און גוט

שוין אַלט און אויסגעלעגען און ער קען ניט פערלאַנגען אַז מרס. זיגעל זאָל אויסגעבען געלד אויף אַ נייעם און אַזוי ווייטער.

מרס. זיגעל

מיסטער קרויזקאָפּ זאָל מיר מוחל זיין, וואָס ער זאָגט וועגען מיין מאַטראַץ... נור איך ווייס דאָך וואָס ער מיינט... גוט, גוט, נו! מיר וועלען דעם מאַטראַץ אַוועקלעגען אויף אייער בעט און דאָס וועט אין קורצען (שמייכעלט אונטער) צוניץ קומען אין אַ מזל'דיגער שעה. איז ניט אין מיין בעט איז אין אַנאַנדערע און אפשר טאַקע אין די אַליין. מילאָ!... געהן מאַכען אַ גלאָז טיי, ניין?

בערמאַן

געהט און מאַכט טאַקע. באַלד וועט מיסטער קרויזקאָפּ דאָ אויך זיין...

מרס. זיגעל

וואָס ער? אין מיטען טאָג?

בערמאַן

אַזוי ווייזט עס אויס.

מרס. זיגעל

(ווינקט צו שפרה'ן) וואָס מיר האָבען דערלעבט! (געהט אַרויס.)

שפרה

(צו איהר ברודער) אָט ווי דו זעהסט. כמעט אַ שעה פערגעהט ניט וואָס איך זעה ניט עפּעס אַן אויפמערקזאַמקייט, אַ צערטליכקייט פון איהם. ווען אַ פרעמדער, וואָס ווייס פון קיין זאַך ניט, וואָלט דאָס זעהן, וואָלט ער מיינען, אַז דער מאַן איז אין מיר שטערבליך פערליעבט... דעם רעמעלע האָסטו?

בערמאַן

(דערלאַנגט איהר אַ זילבערנעם רעמעל פאַר אַ בילד) און גראַד איצט, קען איך דיר זאָגען אויף קלאָר, איז ער ניט נור דער אַלטער פרויען־האַסער בכלל, נור ער האַסט אַלע פרויען אין דיין פּערזאָן. ער האָט דיך אמת פיינד, סאָניטשקאַ, פון גאַנצען, טיעפען האַרצען.

שפרה

(פּאַסט אַ בילד צו צום רעמעל, עטוואָס אויפגערעגט) דאָס איז זיכער די קאָמישסטע ערשיינונג, וואָס אימיצער האָט ווען עס איז ערגיץ־וואו געזעהן.

שטוף

אפשר וויל ער טאַקע דורך דעם וואָס ער שלעפּט אויף אייך אַרויף די דאַנקבאַרקייט פאַר זיינע טובות זיך אָן אייך נוקם זיין? אָט ווי איך האָב אייך געוועלט זאָגען בעת מרס. זיגעל איז אַריינגעקומען מיט'ן מאַטראַץ, איז דאָס אויסגעדריקט אין ספּענסער'ס, הערבערט ספּענסער'ס...

בערמאַן

(אונגעדולדיג) דעם גרויסען הערבערט ספּענסער'ס, נו, נו!

שטוף

(קוקט איהם אָן און רעט געלאַסען ווייטער) אין זיין דעפיניציע פון דעם וואָרט „פערפּליכטונג".

שפרה

די לאַגע איז אַן אונאַנגענעהמע... אָבער וואָס קען מען טאָן? איך וואָלט זיך מיט איהם בלויז קענען אָברעכענען אויף איין וועג. (זי נעהמט דעם פּאָרטרעט אַרויס, בליקט איהם אָן און בעהאַלט איהם נערוועז.)

בערמאַן

צום ביישפּיעל?...

שפרה

אַ בער, ווי איהם, וואָס... (עס הערט זיך אַ קלאַפּ מיט'ן „נאָקער" אין גאַס־טיהר) דאָס איז ער! וואָלט איך פערליעבט אין מיר. (זי לאַכט.)

בערמאַן

איך דאַרף מיט איהם רעדען... שנעל, סאָניטשקאַ, אין שלאָפצימער אַריין! ווען ער דערזעהט דיך דאָ, געהט ער גלייך אַוועג!

(שפרה אָב.)

## דריטע ערשיינונג

קרויזקאָפּ צו די פריהערדיגע.

קרויזקאָפּ

(עטוואָס קאָנפוז) בערמאַן, מיר קענען נאָך היינט ארויסנעהמען די לייסענס... מי דאַרף מאַכען א סוף פון די דומע קאָמעדיע אזוי גיך ווי נור מעגליך... דער גאַנצער שווינדעל האָט נור איין גוטע זייט...

בערמאַן

צום ביישפּיעל?

קרויזקאָפּ

וואָס אזא נאַרישקייט קען מען געזעצליך ניט טאָן מעהר ווי איין מאָל... סאַיידען...

בערמאַן

יע, סאַיידען?

קרויזקאָפּ

סאַיידען עס טרעפט זיך, אז מען געהט דורך נאָך א דומע צערע־מאָניע און מען גט זיך.

שטופּ

עס איז דאָ אין די היינטיגע „טאַיימס" אַן אינטערעסאַנטע, זעהר אַן אינטערעסאַנטע...

בערמאַן

(אונטער'ן נאָז) גאָר, גאָר אַן אינטערעסאַנטע...

שטופּ

איהר האָט דאָס אויך געליינט? (בערמאַן שאָקעלט מיט'ן קאָפּ :: יאָ.) ווי איהר זאָגט, גאָר, גאָר אַן אינטערעסאַנטע מעשה וועגען א גט אין פלאָרענץ, אין איטאַליען. הערטען...

קרויזקאָפּ

(טוט זיך א כאַפּ) אָה, דער גט אין פלאָרענץ? געלעזען, האָב'ם אויך געלעזען!

שטופּ

נו, איז דאָס ניט עהנליך אויף אייער פאַל, ווי איהר, פערשטעהט איהר מיך, שטעלט זיך איהם פאָר? וואָס הייסט עהנליך, אַלץ הייסט עהנליך? דאָס איז דאָך ווי צוויי טראָפּען וואַסער, ווי אַן איי אויף אַן איי פּאָכאָזשע... ווען דער גראַף...

קרויזקאָפּ

(ווינקט צו בערמאַנען) מיר האָבען עס דאָך געלעזען, ביידע געלעזען... הערט, פריינד שטופּ, איהר קענט אונז אַלעמען טאָן אַ גרויסע טובה אויב איהר האָט אַ פערטעל שעה צייט...

שטופּ

(קוקט אויפ'ן זייגער) אַ פערטעל שעה? מיט פערגעניגען. אפילו אַ האַלב־שעה, אפילו פערציג מינוט. איך האָב צייט, אָט וועל איך אייך זאָגען... דער זייגער איז איצט באַלד 12, עס איז צעהן, וואָס רייד איך? עס איז זיעבען, דאָס הייסט כמעט זיעבען מינוטען צו צוועלף... דאַרפען דאַרף איך זיין אום צוויי אינ'ם בריטישען מוזעאום... דאַרף דאָרט עפּעס נאָכזעהן... ביי מיר איז קיין סודות ניטאָ, קען אייך דאָס אויך זאָגען...

קרויזקאָפּ

לאָזט איצטער זיין. די צייט — ביי מיר — איז קורץ.

שטופּ

גוט, גוט, נו? וואָס איז עס? דערצעהלט, לאָמיך הערען, ווי זאָגט דער טייטש: וואָמיט קאָן איך דיענען?

קרויזקאָפּ

אָט הערט. געהט, זייט אַזוי גוט צו, אָדער בעסער פאָהרט צו מיט'ן אָמניבוס צום רעדזשיסטראַר'ס אָפיס און געפינט אויס ווען מיר דאַרפען אהין קומען כדי ניט צו מוזען דאָרטען זיצען און וואַרטען.

שטופּ

דאָס איז אַלעס? געוויס, טו עס מיט פערגעניגען. מיט'ן גרעסטען פערגעניגען. געה גלייך און אין וועניגער ווי צוואַנציג מינוט

האָט איהר מיך צוריק מיט אַלע אינפאָרמאציאָנען, אָדער: זאָגט איהר אפשר אינפאָרמאציעס? סאָ־לאָנג. (געהט האַסטיג אַרויס.)

בערמאַן

א וואוילער בחור, אונזער פריינד שטופּ, אָבער אַ נודניק, אַ גרויסער נודניק, פון גאָר די גרויסע — ווי ער אַליין וואָלט געזאָגט...

קרויזקאָפּ

וואו איז זי? דאָרטען? (ווייזט אויפ'ן שלאָפצימער.)

בערמאַן

יע. אָנגעטאָן איז זי, אָבער מען מוז איהר זאָגען זי זאָל זיך פאַרטיג מאַכען מיט אונז צו געהן צום רעדשיסטראַר. (אָב אין שלאָפצימער. קורצע פויזע.) האָס וועט זיין אַלראַייט.

קרויזקאָפּ

האָט מען דאָ געבראַכט דעם מאַטראַץ?

בערמאַן

געבראַכט, געבראַכט. כמעט צו פריינדליך פון אייך. זייטיגע מענשען וואָלטען זיך ניט לייכט קענען פאָרשטעלען, אַז איהר זייט ניט קיין פרויענפריינד.

קרויזקאָפּ

איך האָס די פרויען אַלס פרויען, ניט אַלס מענשען. אַלס מענש איז מיר אייער שוועסטער ניט קיין שונא, אַלס מענש איז זי ניט שעדליך פאַר קיינעם; זי איז שעדליך, זי איז אַן עפּענטליכע געפאַהר נור אַלס פרויענצימער און אַלס אַזעלכע איז זי אַלץ שעדליכער און געפעהרליכער וואָס אינגער, וואָס שעהנער, וואָס קליגער, וואָס געבילדעטער זי איז.

בערמאַן

רעדט ניט אַזוי הויך: זי קען אונז הערען.

קרויזקאָפּ

לאָז זי הערען. איך רייד ניט געגען איהר פּערזענליך, איך רייד געגען איהר געשלעכט. איך האָב עס איהר שוין מעהר ווי איינמאָל געוועלט זאָגען אין פנים אריין, נור איך קען מיט אַ פרויענצימער

ניט רעדען. זייער אַנבליק גיט מיר אַ שטאָך אין האַרצען, ריהרט אין מיר פון דאָס נייע אויף אַלע אַלטע וואונדען, מאַכט מיך קראַנק...

בערמאַן

דאָס הייסט נערוועז, קען דאָס פערשטעהן.

קרויזקאָפּ

צייטענווייז ווילט זיך מיר אַז אייער שוועסטער זאָל מיך פערשטעהן. איך וויל זי פּערזענליך ניט בעליידיגען. עס פּאַסירט זאָגאַר ניט זעלטען, אַז עס ווילט זיך, זי זאָל וויסען מיין פערגאַנגענהייט, כדי צו פערשטעהן פון וואַנען ביי מיר נעהמט זיך אַל די גאַל און גיפט וואָס די פרויען געפינען ביי מיר. מיך קימערט זעהר ווייניג זייער מיינונג וועגען מיר, אָבער דאָס איז אין אַלגעמיין געזעגט. ווען אָבער דער צופאַל, דער בייזער צופאַל, שלעפּט מיך, ווי איצט, צונויף מיט ערגיץ אַ פרוי און איך ווייס איהר, ניט ווילענדיג, אַלע ציינער, בערייט צום בייסען, ווילט זיך מיר, אַז זי זאָל פערשטעהן ווי אַזוי איך בין געוואָרען אַ חיה־רעה פון אַ מענשען, בטבע ניט ערגער ווי יעדער אַנדערער. גיט אַ פּאַפּיראָס!... ניין, לאָז זיין. (ווייזט אויף די אָפענע שלאָפצימער־טיהר.) הא?

בערמאַן

אָה, דאָס שטערט איהר ניט. זי איז געוואוינט דערצו. מיר רויכערען אַלע. זעהט פון דעסטוועגען ווי אויפמערקזאַם איהר זייט!

קרויזקאָפּ

ניט עקסטראַ. מעהר נישט וועהרענד מיר מאַכט ניט אויס צי די פרויען — אַלע צוזאַמען און יעדע איינציגווייז — האַלטען מיך פאַר אַ טיגער אָדער ניט, וויל איך ניט אַז איינע פון זיי זאָל מיך האַלטען פאַר אַ שוויין. זייער האַס איז מיר זיס, איז שמייכעלהאַפט און האַלט מיין האַרץ שטאַרק און שטייף, עפּעס ווי איינגעמאַכט אין עסיג; זייער פעראַכטונג אָבער וואָלט מיר זעהר וועה טאָן... ערקלערט דאָס ווי איהר ווילט, אַ פאַקט איז דאָס.

בערמאַן

איהר האָט נאַר־וואָס געזאָגט, אַז איהר וואָלט וועלען אַז סאָפיע זאָל ווערען בעקאַנט מיט אייער פערגאַנגענהייט...

קרויזקאָפּ

האָב איך דאָס געזאָגט? איך וויים... אפשר... אָבער רופט איהר ניט אריין. אויב איך פערשטעה צו־וואָס זי בעדאַרף מיין נאָמען און וואוהין זי פאָהרט, דאַרף זי זיין אַ גוטער מענש. איך קען ניט זאָגען, אַז מיר איז גלייכגילטיג די מיינונג פון אַ גוטען מענ־שען, אפילו ווען דער מענש איז חוה'ס אַ טאָכטער און אַ קרובה פונ'ם נחש הקדמוני... איי, די פרויען! איך קען פשוט ניט בע־גרייפען, ווי אזוי אַ גרויסע, נאָבעלע נשמה קען זיך בעזעצען אין אַ פרויענצימער וואָס איז כמעט שטענדיג, ענטפער רייצענד און פאַלש, אָדער העסליך און נאָך פאַלשער...

בערמאַן

דאַכט זיך מרס. זיגעל ברענגט אונז טיי... (מרס. זיגעל קומט אריין מיט אַ טאַץ, אויף וועלכען זי האָט דריי גלעזער טיי, וועלכע זי שטעלט אַוועק אויפ'ן טיש און געהט גלייך ארויס.) אהא! פאַר סאָפיען אויך... איהר אריינרופען? (קרויזקאָפּ ווערט קאָנפוז און ענטפערט ניט.)

שפרה

פערשפּאָרסט מיך צו רופען, איך קום אליין. מיר איז איינפאַך גע־וואָרען אונמעגליך צו בלייבען אין יענעם צימער. פערמאַכען די טיהר וואָלט פון מיר געווען גראָב און, לאָזענדיג די טיהר אָפען, האָב איך געמוזט הערען וואָס איהר רעט, צי איך וויל הערען צי ניט. איהר רעט הויך געגוג, אַז מען זאָל אייך קענען הערען אפילו דורך אַ פערמאַכטער טיהר. (זי זעצט זיך ביים אַנדערן עק טיש און שטעלט אַהין אַוועג איהר גלאָז טיי.)

בערמאַן

דו מאַכסט פאַר זיך שבת?

שפרה

דו האָסט געמעגט זיין דעליקאַט אויף אַזויפיעל, וועגען דעם ניט צו מאַכען קיין בעמערקונגען. וואָס מיין מיינונג זאָל ניט זיין וועגען די געפיהלען פון געוויסע מענשען, גלויב איך, אז איך דאַרף זיי רעספּעקטירען, ווען זיי זיינען ערנסט.

בערמאַן

און וואָס א י ז דיין מיינונג וועגען די געפיהלען, ארום וועלכע דו רעדסט? וואָלט געווען אינטערעסאַנט צו הערן. סאָניא, דו האָסט דאָס וואָרט.

שפרה

זעהר פריינדליך פון אייך... מיין מיינונג איז אז די דאָזיגע גע־פיהלען זיינען פריהער פון אַלץ באַרבאַריש און ספּעציעל באַרבאַ־ריש ווען זיי געפינען אַן אָרט פאַר זיך אין אַ אידישע האַרץ...

בערמאַן

אהא, שקאָצעל קומט! די אידישקייט! זיי־זשע וויסען, מיין ליעבע שוועסטער, אַז וועגען דעם צו רעדען איז אַרויסגעוואָרפענע ארבייט. קרויזקאָפּ איז נאָך וועניגער איד ווי איך און אויף מיר האָסטו, דאַכט זיך, לאַנג שוין אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנד. ווילסטו קריטיזירען אימיצענס געפיהלען, רעדענדיג מיט אונז, טו עס פון אַן אַלגעמיין־מענשליכען שטאַנדפּונקט, ניט פון אַ אידישען.

שפרה

שעהן געזעצט און וואויל געדרשנט! וואָלסטו אָבער געהאַנדעלט אויף אַן אַלגעמיין־מענשליכען און ניט אויף אַ אידישען שטייגער, וואָלסטו מיך פריהער אויסגעהערט... צי דו ווילסט, צי ניט — דו ביסט אַ איד, נאַאום, און אַזוי איז אונזער פריינד דער שונא. איהר ביידע רייסט זיך אַרויסצושפּרינגען פון אייער אידישע הויט און קענט ניט... אָבער ניט דאָס בין איך אויסען. וואָס איך האָב געוועלט זאָגען בשעת דו האָסט מיך אונטערבראָכען איז, אַז פון אַ אידען איז ספּעציעל ניט שעהן צו פערדאַמען א ל ע פרויען, דערפאַר ווייל איין פרוי איז געוועזן, אויב זי איז געוועזן, פאַלש

און שלעכט און וואָס אין קאָרט שטעהט... א איד דאַרף געדענקען, וואָס ער האָט דורך צעהנדליגער הונדערטער יאָהר געליטען פון אזעלכע גענעראַליזאַציעס... ער און זיין ראַסע. פאַר איהם, וואָס ווייס, וואָס דערפון קומט אַרויס ווען מי פאַלט אָן אויף אַ גאַנצען כלל דערפאַר וואָס ערגיץ אַ יחיד האָט געטאָן אַן עולה, איז זעהר ניט שעהן — אזוי צו רעדען.

בערמאַן

אין דעם גלויב איך אויך ניט. און, סאָניטשקאַ, דעם ברוך שלא עשני אשה האָבען מיר בירושה פון דיינע אידישקייט; און דער וואָס האָט צווישען טויזענד ווייבער ניט געפונען איינע אַ רעכטע איז אויך געווען דער איד שלמה, דער אידישער פילאָזאָף שלמה, וועל־כער האָט זיך פון דעסטוועגען געלאָזען גוט געהן ביי זיינע טויזענד ווייבער, און ניט דער אָרעמער גריעכישער פילאָזאָף סאָקראַט, וואָס איז ארויסגעשלעפט געוואָרען פון דער ארורה קסאַנטיפּע, זיין איינ־ציגע ווייב.

שפרה

אָיי ווי קלוג דו רעדסט! אַ מחיה, חלעבען, דיך צו הערען. שלמה איז געווען דער ערסטער פרויענפעראַכטער — מערק דיר, פרויענ־פעראַכטער און ניט פרויענהאַסער,—איז דערפון וואָס געדרונגען? און אַז אַלע אונזערע אבות, מיט די נביאים, מיט די זקנים און ווי ז ייהאָבען דאָרטען אַלע געהייסען, וואָלטען אויף אונז, פרויען, גע־קוקט מיט די אויגען פון שלמה המלך און דעם אוטאָר פונ׳ם ברוך שלא עשני אשה, וואָס וואָלט דאָס בעוויזען? אַז מען דאַרף דערפאַר היינט, צום ענד פונ׳ם נייגצעהנטען יאָהרהונדערט, אין ענגלאַנד, צווישען אינטעליגענטע יונגע מענשען, פערדאַמען אַלע אידען, פון אַלע לענדער און אַלע דורות, ווייל אימיצער האָט אַמאָל אימיצען געקרייציגט — מען ווייס אפילו ניט ווער ווען — און אַז מען דאַרף האַסען אַלע פרויען (אין טיהר בעווייזט זיו שטופּ) ווייל אַמאָל אין די אוראַלטע צייטען האָט אַ פרוי אַ מאַן געלאָזען אַ ביס טאָן אַ פערבאָטענעם עפּעל און ער האָט דורך איהר פערלאָ־רען דעם גן־עדן...

## פ י ע ר ט ע  ע ר ש י י נ ו נ ג

שטופ צו די פריהערדיגע, אפלאָדירענדיג.

שטופ

בראַוואָ, מיס בערמאַן! אָבער ענדיגט, ענדיגט!

שפרה

איך ענדיג. איך זאָג אז געבילדעטע מענשען דאַרפען זיך שעמען אזוי צו רעדען. אַ פּראָפּאָ! דער שלאַנג איז, דאַכט זיך, געווען אַ זכר.

קרויזקאָפּ

בערמאַן, פּרויליין... בערמאַן וועט, האָף איך, ענטשולדיגען... נו, שטופ? שוין צייט צו געהן?

שטופ

אַלץ בעשטעלט. דאָס וועט געהן ווי אויף אַ שנירעלע. אָבער ווייסט איהר ווי? פיין, עקסטרא פיין. פיין שבפיין! איהר וועט ניט דאַרפען וואַרטען קיין פערטעל מינוט, מעהר נישט איצט איז נאָך ניט די צייט. מיר געהען פון דאַנען אַרויס אין אַ מינוטען צוואַנציג.

קרויזקאָפּ

(צו בערמאַנען) וואָס זייט איהר שטיל געוואָרען? רעט, רעט!

שטופ

אפשר שטער איך? איך האָב פיינט צו זיין אַן איבעריגער... האָב עס זעהר פיינט... דאָס איז, קודם, ניט דעליקאַט, שרעקליך ניט דעלי־קאַט און חוץ דעם בעוויזט דאָס, אַז אַ מענש האָט ניט געהאַט קיין ערציהונג, קיין וואָספּיטאַניע, אַז ער איז כמעט אַ חם... איז, ווי איך האָב נאָר וואָס געזאָגט, אויב איך שטער ווערען עס איז, דאַרף מען מיר נור זאָגען, אַ ווינק איז גענוג... בין ניט פון די מענשען, וואָס וועלען וואַרטען אויף אַ קאַפּוליער אָנצוהערענס, איך געדענק...

בערמאַן

איין ווייליגקע, שטופּ! הערט, קרויזקאָפּ, האָט איהר ניט פריהער געזאָגט אַז איהר וואָלט אונז וועלען דערצעהלען עטוואָס פון אייער פערגאַנגענהייט?

קרויזקאָפּ

איך? פון מיין פערגאַנגענהייט?

בערמאַן

יע, מיר זיינען דאָ אַלע איינגענע מענשען. שטופּ א: אייערער אַן אַלטער בעקאַנטער און מיר זיינען אויך ניט קיין ווילד־פרעמדע צו אייך.

שפרה

טאָמער זשעניר איך הערן קרויזקאָפּ?

בערמאַן

איך גלויב, אַז ניט. ווער ווייס, צי איהר ביידע וועט זיך ווען וויע־דער אַמאָל צונויפטרעפען — וויסען קען אַזעלכע זאַכען, פערשטעהט זיך, קיינער ניט — און... פאַר וואָס זאָלט איהר איינער דעם אַנ־דערן ניט בעסער קענען.

קרויזקאָפּ

(קאָנפוז) זי... איך... טרייב קיינעם ניט. אָבער, בערמאַן, ווייסט איהר וואָס דאָס הייסט עפענען פון דאָס ניי א פערזיגעלטען פעקעל פון שמערצליכע עראינערונגען? ערגער ווי אַלץ איז, אַז איך קען זיך שטאַרק אויפרעגען, רעדענדיג וועגען מיין טרויעריגע פערגאַנ־גענהייט... קען זיך אויפרעגען און זיך מאַכען צום נאַררען, ווי עס מאַכט זיך צום נאַררען יעדער, וואָס רעגט זיך אויף.

שפרה

נאַאום, הערר קרויזקאָפּ איז אונגערעכט. מען קען זיך אויפרעגען און גאָר ניט מאַכען זיך צום נאַררען...

קרויזקאָפּ

די פראַגע וועט זיין, ליעבער בערמאַן, וואָס מען רופט זיך מאַכען צום נאַררען...

**שפרה**

איך מיין, נאאום, אז א מענש קען זיך אויפרעגען אויף פערשיעדענע אופנים. סאיי ווען ער ווערט ענטריסטעט פון א גרויסער עולה, סאיי ווען ער ווערט נתפעל פון א גרויסע נאבעלע טהאט...

**קרויזקאפּ**

אין מיין פאל אבער, בערמאן, קען די אויפרעגונג נור מיך אריינברענגען אין אזא אויסגוס פון שוועבעל און פעך, וואס קען אפשר זיין אונאנגענעהם פאר געוויסע פערזאנען, וואס זיינען געוואוינט צו פערפיומירטע רייד...

**שפרה**

נאאום, הערר קרויזקאפּ וויים ניט וואס ער רעט, זאל ער מיר מוחל זיין... נור איהר פריווילעגירטע העכערע בעשעפעניסען, ווי רופט מען אייך דא אין ענגלאנד, אייך מאנסבילען?

**שטופּ**

לארדס אוו קריאיישען, ניין? א שעהן ווערטעל צי אמת ג[illegible]יט, ווארים ווי איך פערשטעה עס...

**קרויזקאפּ**

ענטשולדיגט, שטופּ! איך גלויב, ליעבער בערמאן, אז פריינד שטופּ האט אונטערבראכען.

**שפרה**

האב נור געוואלט זאגען, נאאום, אז איהר מאנסבילען מעגט אלץ טאן און זאגען, צי אין אייערע רייד און טואכצען איז דא שכל און רעכט, אדער ניט.

**קרויזקאפּ**

בערמאן, דאס איז ניט... איך וויל אזוי ווייט ניט רעדען. מיר מאנסבילען זיינען, גראד פערקעהרט, גיכער די שקלאפען איידער די הערשער, די לארדס פון דער וועלט... איך גלויב, אז די צייט איז געקומען זיך צו עמאנציפירען...

**שפרה**

פאר די פרויען, נאאום! געקומען, יע, געקומען...

קרויזקאָפּ

ניין, בערמאַן! מ י ר דאַרפן זיך עמאַנציפּירען, מיר, די מענער. מיר האָבען לאַנג גענוג געטראָגען זייער יאָך, געאַרבעט פאַר זיי, געדיענט ביי זיי, געמאַכט אַ וואַרע פאַר זיי, געהויבען דעם הוט פאַר זיי, געליטען פון זייערע קאַפּריזען, נאָכגעטראָגען זייערע שלעפּעס און אויסגעהאַלטען זייערע היסטערישע סצענעס... פריי מוזען מיר ווערען!

שפרה

אַ שעהן ביסעל איבערטריעבען, נאַאום! נור איהר מאַנסבילען מעגט אַלץ! די תורה פון הימעל האָט אַראָבגעבראַכט אַ מאַנס־ביל, די לאַנדגעזעצע מאַכט איהר מאַנסבילען, מען זאָגט (לאַכט) אַז אפילו אונזערע ווייבערשע מאָדעס טראַכטען אויס מאַנסבילען און מיר מוזען געהאָרכען... טאַנצען נאָך אייער דודקע...

קרויקאָפּ

פּשוט, דערפאַר, ליעבער בערמאַן, ווייל דעם אַנדערן צד פעהלט דער שכל אפילו אַ מאָדע אויסצוטראַכטען...

שפרה

(אויפגערעגט) דאָס געהט צו ווייט, נאַאום!

בערמאַן

איך קלער אויך אַזוי... חוץ אַלעמען וואָלט איך וועלען אַזוי גיך ווי מעגליך אַרויסגעהן פון דער ראָלע פון אַ טעלעפאָן, דורך וועלכען מען רעט זיך דורך פוןביידע זייטען.... אַ טעלעפאָן פון פלייש און בלוט, קינדערלעך, האָט געפיהלען, וואָס זאָגט איהר אַמיקום שטופּ?

שטופּ

מיר געפעלט ד'ער „טעלעפאָן". געפעלט מיר זעהר, ווייסט איהר? גאָר, גאָר אַ סך. איך האָב האָלד אַ ווערטעל, וואָס...

בערמאַן

וואָס ווערטעלט זיך און האָט אַ סך ווערטעלאַך? (לאַכט) איהר זייט אַן אָריגינאַל, פריינד שטופּ. (פאַר זיך) אַגב האָט עס כמעט געהאַלטען ביין אויסברעכען פון אַ בלוטיגער מלחמה. שטופּ קומט

צו ניץ... (צו קרויזקאָפּ'ען) לאָמיר די אַלע נארישקייט לאָזען אַן א זייט. בעסער דערצעהלט אונז אייער מעשה... דערווייל איז ביי אונז אַלעמען קאַלט געוואָרען דער טיי און אָן פריינד שטופּ'ען האָבען מיר אין גאַנצען פערגעסען. וואַרט איין אויגענבליק, איך ברענג אריין פיער גלעזער טיי.

שפרה

און, נאָאום, ווער עס וויל רויכערן, מיר שטערט עס ניט. (בערמאַן געהט ארויס.)

שטופּ

איך פעררויכער גלייך, פאר אייך, קרויזקאָפּ, האָב איך א סיגאַר, א פיינעם האַוואַנאַ, א סיגאַר, זאָג איך אייך, פון סיגאַרענלאַנד. (דערלאַנגט.) ניט קוקט אויף זיין אויסזעהן... ווי זאָגט די פּאָס־טושקע אין שיר השירים? אל תראוני שאני שחרחורת... (צו שפרה'ן:) ניט קוקט אויף מיין שוואַצקייט... דער סיגאַר קומט פון אַן אָרט, פערשטעהט איהר מיך, וואו מען איז פיינשמעקער, קומט פון די הויכע, הויכע פענסטער...

קרויזקאָפּ

אויב עס איז ערלויבט, וועלען מיר פעררויכערן און זעהן... אַט קומט בערמאַן מיט א נייעם טאָץ טיי...

שטופּ

הערסטו? טיי, מיט פּאַפּיראָסען, מיט ביסקיטס...

שפרה

און, פערשטעהט זיך, דער לאָרד פון קריאַיישען...

שטופּ

מען קען זאָגען: פון בראשית. איהר האָט דאָך ליעב אַז אַלץ זאָל זיין אידיש. ניין?

שפרה

געוויס. ווייכטיג איז האָ אָבער, אַז מיין הערר ברודער האָט פּער־געסען אריינצוברייינגען סערוויעטען און אש־בעכערס. (לויפט ארויס.)

שטופּ

ווי זאָגט דער פּסוק ? „דאָס עוויג ווייבליכע“... אויף דער באַריקאַדע, מיט׳ן טויט פאַר די אויגען, פאַר די סאַמע אויגען, וועט אזעלכע ערשיינען מיט א ריינעם ווייסען פארטוך אויף זיך, און וועט מיט א „דאָסטער“ אין האנד יאָגען דעם שטויב פון די ברוקשטיינער אויף דער באַריקאַדע... איך געדענק...

בערמאַן

אָט דאָ בלייבט שטעהן ! פיהרט ניט איבער דעם עפעקט פון אייער שעהנער רעדע מיט א פּראָזאאישען צוגאָב. אָט איז סאָפיע. איצט זיך גענומען צו די טיי ! קרוויזקאָפּ, איהר פעררויכערט שטופּ׳ס מתנה, און מיר וועלען נעהמען פּאַליען די פּאַפּיראָסען. צווישען א זופּ און א ציעה, וועט איהר אונז בעווייזען אייער רעכט צו האַסען דעם שעהנסטען טהייל פון גאָט׳ס ארבייט.

שפרה

דו שניידסט זיך אויף א פּאָעט, גאַאום ! א מענש קען קיינמאָל ניט וויסען וואָס פון איהם קען ווערען : דו קענסט, אַל תפתח פה לשטן, נאָך אמאָל ווערען א איד אויך.

בערמאַן

(לאַכענדיג) ביין אויבערשטען איז אַלץ מעגליך... הערט, קרוויזקאָפּ... איהר האָט, דאכט זיך, לאַנג געלעבט אין דייטשלאַנד ?

קרוויזקאָפּ

ניט לאַנג, דריי יאָהר...

שטופּ

דערפון אָנדערהאַלבען יאָהר אין טורמע, ניין ?

קרוויזקאָפּ

וואָס איז די נפקא־מינה וואו ? (צו בערמאַנען :) צו־וואָס פרעגט איהר דאָס ?

בערמאַן

איך ווייס אַליין ניט. איינגעפאַלען מיר אַזאַ פראַגע. אָבער דאָס איז פאַר מיר אַ נייעס. אַכטצעהן חדשים? גאַנצע אַכטצעהן חדשים זייט איהר „געזעסען" אין דייטשלאַנד?

קרויזקאָפּ

יע, אין פּרייסען... ביי אייך אין רוסלאַנד איז דאָס, פערשטעהט זיך, ניט קיין נאָווינע.

בערמאַן

ביי אונז איז אַ נאָווינע אַן אינטעליגענטער יונגער מאַן, וואָס איז נ י ט געזעסען אין טורמע, ווען אויך ניט אימער אַנדערהאַלבען יאָהר...

קרויזקאָפּ

נו... אָט זעהט איהר (רעט אונווילליג, לאַנגזאַם), טורמע איז ניט אומעטום און אונטער אַלע אומשטענדען די זעלביגע זאַך... מיך האָט די טורמע רואינירט... אַ מילדער, צערטליכער לעמעלע, פול מיט ליעבע און פריינדשאַפט בין איך אַהין אריין און ארוים בין איך אַ חיה רעה, אַ... אַ... פול מיט גיפט און האַס. אמת, די טורמע האָט מיר געפענט די אויגען... אָבער אדם הראשון האָט שוין פאַר מיר אויסגעפונען, אַז דער פּרייז פון געעפענטע אויגען איז אַ פאַרלאָרענער גן־עדן. צייטענווייז, קלער איך, אַז עס וואָלט אפשר פאַר מיר בעסער געווען צו בלייבען אַ בלינדער... צו קענען הערען און, ניט פרעגענדיג קיין קשיות, גלויבען... גלויבען אין מענשען... גלויבען אין זייערע ווערטער... גלויבען אַז זיי האָבען אמת'ע, עהרליכע הערצער... די טורמע האָט פון דאָס אַלץ געמאַכט אַ תל.

בערמאַן

זעהט איהר, דאָס איז אינטערעסאַנט. דערצעהלט, קרויזקאָפּ!

שטופּ

אַלע הייסט אינטערעסאַנט! דאָס דאַרף דאָך זיין אַ שטיק פּסיכאָ־

לאגישע ווירקליכקייט און דערביי א ראמאן פון די שפאנענדסטע;
איינער פון יענע מערקווירדיגע ראמאנען...

שפרה

וואס מען דארף לאזען דערצעהלען, פריינד שטופ! איהר ווער, האט איך, ענטשולדיגען די אונטערברעכונג. נאאום, דיין טיי ווערט קאלט. לאז הערר קרויזקאפ אנהויבען אויב ער האט לוסט צו דערצעהלען, נאאום. מיר וועלען באלד דארפען אוועקגעהן.

קרויזקאפ

דאס קען געמאכט ווערען זעהר קורץ. (טוט א זופ פון גלאז טיי, פעררויכערט און הויבט אן:) פאסירט האט דאס צוריק מיט א יאהר צעהן. איך בין דאן געווען א יונגערמאן פון 21 יאהר. אין מיליטער־דיענסט האט מען מיך ניט געדארפט און איך האב בע־שלאסען צו ענדיגען מיינע מעדיצינישע שטודיען אין פרייסען. מיינע עלטערען זיינען געווען רייך און בערייט מיר נאכצוגעבען יע־דען קאפריז. געזונד, געלד, יוגענד און ניט־גאר־שלעכטע פעהיג־קייטען האב איך געהאט. אין פרייסען האב איך געפונען אזא ארבייטער־בעוועגונג ווי איך האב אין דערהיים ניט געהאט געזעהן, איך בין גלייך אריינגעצויגען געווארען אין דעם גרויסען שטראם. א קורצע צייט שפעטער בין איך געווארען פעראנטווארטליכער רע־דאקטאר פון א סאציאליסטישע צייטונג און האב, פערשטעהט זיך, גלייך געהאט אויף זיך א קרימינאל־פראצעס. א האלב יאהר שפעטער האט מען מיך געמשפט און פערמשפט. מיין פסק ווייסט איהר שוין! אלץ וואלט געווען גוט, ווען מיין אונגליק וואלט זיך דערמיט געענדיגט. דארף זיך אבער אט וואס מאכען: קו־מענדיג אהין פון גאליציען, האב איך גענומען א וואוינונג אין אן ארבייטער־פאמיליע, ביי געגנאסען, וועלכע זיינען ניט געווען ארעם. דער מאן, א שלאסער און זעהר א פעהיגער ארבייטער, האט, ווי מי זאגט דא אין לאנדאן, געמאכט א פיינעם לעבען. ער האט קיין דערוואקסענע קינדער ניט געהאט, אבער א פלימע־ניצע זיינע, אן עלטערן ברודער'ס א טאכטער מיט א פאאר יאהר

אינגער פאַר מיר, פלעגט אָפּט אַריינקומען אין הויז, פלעגט דער עלטערער מיידעלע געבען שטונדען אין מוזיק. פּיאַנאָ האָט זי איהר געלערנט שפּיעלען. איהר פערשטעהט דאָך, אַז דאָס איז געווען די פּערזאָן, די העלדין פון מיין ראָמאַן... אויב עס איז ווען עס איז אין דער וועלט אַרומגעגאַנגען די אונשולד אין דער געשטאַלט פון אַ... איך וועל ניט זאָגען בילד־שעהנע, אָבער דאָך רייצענדע ברונעטקע, איז ז י דאָס געווען, און, וואָס זאָל איך פיעל בראַייען? איך בין פון איהר איינגענומען געוואָרען ביי דעם ערסטען אָנגריף. אַז אימיצער וואָלט אימיצען געקענט לייִדענשאַפטליכער ליעבען ווי זי האָט מיך געליעבט, וואָלט איך דאַן בשום אופן ניט געגלויבט... מיסטער שטופּ גיט מיר אַ שוועבעלע, זייט אַזוי גוט.

שטופּ

(טוט זיך אַ כאַפּ ווי פון שלאָף) מיט'ן גרעסטען פערגעניגען! צינדט אָן און דערלאַנגט קרויזקאָפּען.)

קרויזקאָפּ

און דאָ קומט דער פייערליכסטער טאָג פון מיין לעבען. נאָך אַ דריי־מאָנאַטליכער אונטערזוכונגס־האַפט קומט אָן דער פּראָצעס. איך שטעה פאַר די געשוואָרענע. איך פאַרטהיידיג זיך אַליין. איך האַלט אַ גוטע רעדע: שטאָלץ, אַגרעסיוו, אָבער אָהן טהעאַטראַלישע עפעקטען. זי איז אין זאַאַל. זי לעבט דורך יעדע בעוועגונג מיינע, זי דענקט דורך יעדען געדאַנק מיינעם, איהרע ליעבעפולע אויגען זאָגען מיר אַלע ווייַלע: גוט, זעהר גוט, בראַוואָ! מיר דוכט זי אַפּלאָדירט מיר, מעהרנישט איך איינער אין זאַאַל הער עס... ווען איך ענדיג מיין רעדע זעהט זי מיך אָן מיט שטאָלץ און גליקליך ווי אַ מוטער, וואָס איהר קינד האָט פערהערט אַ גרויסער רב און האָט איהר פּראָפעצייהט אַז ער, דער אינגעל, וועט אַמאָל זיין אַ גדול בישראל. און דאַן קומט דער אורטהייל, דער באַרבאַרישער ווערדיקט און איך געפין ווידער אונטערשטיצונג און קוראַזש אין איהר בליק. איך פיהל, אַז יעדער חדש וואָס מען

וועט מיר געבען אין טורמע וועט מיך מאכען אלץ טייערער און בעליעבטער ביי איהר; אז מיין אורטהייל מאכט מיך פאר א העלד אין איהרע אויגען; אז וואס מעהר איך וועל ליידען אין דער צייט פון מיין געפאנגענשאפט, אלץ גרעסער און פולער וועט נאכדעם זיין מיין גליק מיט איהר... בערמאן גיט מיר...

בעראן

וואס, מיין פריינד?

קרויזקאפ

גיט מיר א זופ וואסער. (שפרה גיט איהם צום ערסטען מאל א קוק געראד אין פנים אריין, ער מערקט עס.) גאר נישט, גאר נישט. מיר איז טרוקען געווארען אין האלז רעדענדיג. וועל האם מאכען קירצער. (בערמאן דערלאנגט איהם א גלאז וואסער.) א דאנק אייך. (טוט א זופ און שטעלט אוועג די גלאז.) און עס פערגעהען עטליכע חדשים. זי שרייבט מיר, איין מאל בעזוכט זי מיך. עס פערגעהען וויעדער עטליכע חדשים. איך קריעג איין בריעף, פול מיט סודות, מיט אונפערשטענדליכע אנצוהערעניסען... נאך א בריעף, אז זי פאהרט אוועק פון שטאדט און וועט מיך ניט קענען זעהן ביז איך וועל ארויסקומען. און דאן הער איך אויף צו קריעגען בריעף אויך. עס האט קיין זין ניט צו פרובירען אייך שילדערן, וואס איך בין אין יענע חדשים אויסגעשטאנען. דער ניט קענען גערן, פאהרען, לויפען אויסגעפינען וואס דא טוט זיך האט מיר געמאכט די טורמע פאר אן אמת'ען גיהנם, וואו טויזענד שדים און מלאכי חבלה האבען מיך טאג־טעגליך געקוועלט. — ווען עס זיינען געוועזן אוועקגעגאנגען פיער חדשים זינט איך האב געהאט געקראגען איהר לעצטען בריעף, האב איך ביי זיך בעשלאסען, אז זי מוז זיין טויט... איך האב דאן נאך געהאט א וואכען זיעבען צו זיצען. פאסירט אט וואס: אין געפענגנים קומט אריין א נייער „שטרעפלינג", ווי זיי רופט מען אין פרייסען. איך ווער מיט איהם בעקאנט אויפ'ן געגנזן־מארש...

שפרה

וואס איז דאס?

קרויזקאָפּ

אויף דעם שפּאַציער פּאָאַר־ווייז אַרום און אַרום אין הויף, וואָס ווערט ערלויבט דעם אַרעסטאַנט איין שעה אָדער מעהר אַלע טאָג און... איך ניט לענגער אויפצוהאַלטען מיט אונגעדולדיגע איינצעל־הייטען... איך הער פון איהם, אַז מיין געליעבטע איז די פרוי פון אַ מאַן, מיט וועלכען זי האָט זיך אינטים געקענט נאָך איידער איך בין אַריין אין טורמע!! דאָס איז אַלעס.

בערמאַן

שרעקליך, שרעקליך. (דריקט קרויזקאָפּ'ען די האַנד.)

שטום

איך בין שטום...

קרויזקאָפּ

(מיט אַ בליק צו שפרה'ן צו) דאַנק אייךביידען. איך גלויב אַז איהר מאַכט איצט אַליין דעם פּירוש אויף מיין געשיכטע, אויב זי נויטיגט זיך אין אַ פּירוש. יעדענפאַלס פערשטעהט איהר מיך.

שפרה

איך סימפּאַטיזיר מיט אייך געוויס, אָבער...

קרויזקאָפּ

(אין גרויס אויפרעגונג) אָבער וואָס?

שפרה

גלייכער איצט צו שווייגען...

קרויזקאָפּ

(מיט האָס אין יעדען וואָרט) דער „אָבער“ אייערער פערפּליכטעט אייך זיך צו ערקלערען.

שפרה

אויב איהר ווילט... איך האָב פאַר אייך קיין מורא ניט. איך וואָלט פריהער פאַר אַלץ געוועלט אויסהערען דעם צווייטען צד. איך בין זיכער, אַז יעדעס וואָרט אייערס איז אמת, אָבער איך האָב ניט געהערט דאָס וואָס איהר, געוויס אָהן אַ שלעכטע כונה, האָט פערשוויגען. אָבער אפילו אָננעהמענדיג אַז קיין זאַך, וואָס איך

וואָלט נאָך געקענט הערען, וואָלט ניט אָבגעשוואַכט מיין מיינונג, זעה איך בשום אופן ניט איין, ווי אַזוי אַ פערנינפטיגער מענש קען פעראַנטוואָרטליך מאַכען אַ ל ע פרויען פאַר דעם אונרעכט וואָס איהם איז געשעהען פון אַ י י ן פרוי.

קרויזקאָפ

אָט האָט איהר עס! טאָמער האָב איך געדאַרפט נאָך אַ גרונד פאַר מיין טיעפען האַס צו אַלע ספּאַדניצעס, האָט מען מיר דאָס דאָ געגעבען. אַזוי... פערפיד רעדען קען נור אַ פרויענצימער... נאַ לאָמיר מאַכען אַ סוף! לאָמיר געהן!

שפרה

איהר מעגט חרטה האָבען אויך... (געהט אַריין אין שלאָפצימער.)

בערמאַן

סאָניטשקאַ, וואָס רעדסטו?

קרויזקאָפ

זי וויל מיך בעליידיגען, לאָזט איהר. איך האָב קיין חרטה ניט ווען איך בעשלים וואָס צו טאָן. שטופ איז עס שוין צייט צו געהן?

שטופ

צייט, לאַנג צייט. קומט.

קרויזקאָפ

קומט. (ער טוט אָן אַ הוט און אָן אויבערראָק. די אַנדערע אויך. שפרה קומט אַרויס פון אַנדערען צימער.) פרוילין בערמאַן, איך בין פאַרטיג. אַ דאַנק אייך פאַר אייער אָפענהערציגקייט. מיר קענען זיך ביידע איצט. איהר קענט מיך ניט מעהר און טיעפער האַסען ווי איך האַס אייך מיט אייער גאַנצען שעהנעם, צאַרטען געשלעכט! קומט... חתונה האָבען.

פאָרהאַנג.

# דריטער אַקט

דערזעלבער צימער ווי אינ'ם פריהערדיגען אַקט. די אונאָרדנונג איז נאָך פיעל גרעסער. אין מיטען צימער זעהען זיך אַלערליי זאַכען: אַ קאָפער, האַנדגעפּעק אין רימענס, אַ רייזע־טאַש און קלייניגקייטען. שטוּפ דרעהט זיך אַרום; וועלענדיג העלפען, שטערט ער כסדר.—דורכ'ען גאַנצען אַקט הערשט אַ געהויבענע שטימונג.—עס איז אַרום 7 אַזייגער פון אָווענד. דרויסען איז אַ געדיכטער נעבעל.

## ע ר ס ט ע  ע ר ש י י נ ו נ ג

ש פ ר ה, פּאַדענדיג אַרום איהרע זאַכען, פרוי ז י ג ע ל איהר העלפענדיג, און ש ט ו פּ, זעהר צוטראָגען.

שפרה

האָט איהר אָפּט דאָ אַזעלכע טומאַנען?

שטופּ

טומאַנען איז גוט! דאָס איז אַן ערדעלער נאָמען פאַר אַ לאָנדענער פאָג. זעהר אַן ערדעלער נאָמען פאַר זעהר אַ גראָבע זאַך. אָבער דעם ריכטיגען פאָג... (הויבט אויף פון דער ערד אַ טאַשענטיכעל.) איז דאָס אייערע, מיס בערמאַן?

שפרה

(האַסטיג בעטראַכטענדיג) ניין.

שטופּ

דאָס איז אָבער זיכער ארויסגעפאַלען פון אייערע זאכען? אָבער וואָס מאכט דאָס אויס? איך זאָג: דעם ריכטיגען פּאָג, דעם אמת'ען לאַנדאָנער פאָג, וואָס די וועלט רעט ארום איהם... מרס. זיגעל, איז דאָס אייער טיכעל?

מרס. זיגעל

מיינע, מיינע, מר. שטופּ, א דאנק אייך.

שטופּ

איז וואָס האָב איך געוועלט זאָגען? מילא, לאָז זיין.

מרס. זיגעל

איך וואָלט זיך אין אזא פאָג אויפ'ן שיף ניט געזעצט. מען איז ניט זיכער מיט'ן לעבען אריבערצוגעהענדיג א גאס און דאָ גער, לאָז זיך אוועג אויף ימים! אָסור אויב איך טו דאָס!

שפרה

(כסדר בעשעפטיגט מיט'ן פּאַקען) א רוסישער ווערטעל איז דאָ: „דער פחד האָט גרויסע אויגען"...

שטופּ

וואונדערבאר ווי ביי אייך איבערזעצט זיך אַלץ אויף אידיש!

שפרה

„או סטראַכאַ גלאַזאַ וועליקי" האָב איך געדארפט זאָגען, מר. שטופּ, ניין? טאַקע אַן עולה, כ'לעבען, צו נעהמען אזוינע ציוויליזירטע, געשליפענע, רוסישע ווערטער און פון זיי מאכען א תל אין אידיש, אין גראָבע אידיש...

שטופּ

דאָס איבערטרייבט איהר, למשל. אידיש איז ניט גראָב, אידיש איז איינפאַך קיין לשון ניט, ניט דאָס וואָס מען פערשטעהט אונ־טער דעם וואָרט לשון... אידיש איז כלומרשט א לשון...

שפרה

אויף וועלכען זיעבען מיליאָן כלומרשט־מענשען רעדען זיך כלומרש'ט צוזאמען... זעהר גוט.

שטופ

בראַוואָ, בראַוואיסימאָ! געראָכט — אָדער ניט, אָבער שעהן האָט איהר זיך אויסגעדריקט, זעהן שעהן, גאָר־גאָר שעהן האָט איהר דאָס ארויסגעזאָגט...

שפרה

אַזוי? און טאַקע אויף דעם לשון, וואָס איז במעט גאָר קיין לשון ניט?... איי איז אויף אייך אַלעמען אַ רחמנות! אייער גליק איז נור, וואָס איהר אַליין ווייסט ניט ווי לעכערליך איהר מאַכט זיך. ווען ניט איך... ווען איהר שעמט זיך ניט פאַר מיר, דרעהט איהר, מאַטערט איהר אַלע אייער צונג אויף אַלע לשונות, חוץ אייער אייגענעם, און אַלס אַ דאַנק דערפאַר לאַכט מען אין די הויפענס פון אייער אַקצענט, פון אייער זשעסטיקולאַציע, פון אייער קול, פון אייערע מיענעס... גלויבט מיר, פריינד שטופ, אַ מענש, וואָס שעמט זיך מיט זיין פאָלק איז שטענדיג איינער וואָס זיין פאָלק שעמט זיך מיט איהם, בעת...

שטופ

ווידער פיין ארייגעזאָגט! וואָס אמת...

שפרה

לאָזט זיך רעדען... בעת, זאָג איך, די אַנדערע פעלקער, צו וועלכע ער מאַכט זיך צו און וועלכע ער מאַכט נאָך, פעראַכטען איהם אפשר נאָך מעהר ווי דעם אידען, למשל, וואָס איז אַ איד און שעמט זיך ניט דערמיט... (אויפ'ן שפעל בעווייזט זיך בערמאַן; ער אַפלאָדירט איהר איראָניש.)

## צווייטע ערשיינונג

בערמאַן צו די פריהערדיגע.

בערמאַן

ווידער אַמאָל אַמעריקאַ ענטדעקט! עס פערגעהט ניט אַ טאָג וואָס ערגיץ אַ נאַציאָנאַליסט זאָל ניט פון דאָס ניי „ענטפּלעקען“ אָט דיעזע וואונדערבאַרע שטיק חכמה... אַ מענש ווי אַלע מענשען

טויג ניט, פערגעסט מען דיך: מען מוז זיין א איד ווי אלע אידען. איהר זייט פייגלינגע, דאס איז וואס איהר זייט, דו און אלע אידישע אידען: וואלט איהר געהאט דעם מוטה, וואלט איהר אפען פראָ־פאגאנדירט די יארמאלקע מיט'ן שטריימעל פאר מענער, דעם פאַ־רוק מיט'ן שייטעל פאר ווייבער!

שפרה

דערצו פעהלט אונז ניט מוטה, מיין ברודער, דערצו פעהלט אונז דיין איסימילאטארישע לאגיק.

בערמאן

(אויפגערעגט) וואס איך הער!

שפרה

(קאלט) יע, וואס דו הערסט! דיין לאגיק איז אזעלכע, אז קיין אנדער אידישקייט ווי די, וואס טראגט א יארמאלקע, איז ניטא; דאס איז ביי אונז אבער א רוסישקייט וואס קומט אוים אהן א פאדיאָווקא מיט א פופאייקא, דאס פערשטעהסטו. א רוס, וואס וויל דורכאוים זיין א טייטש איז אין דיינע אויגען לעכערליך געגוג, אבער א איד וואס וויל זיין א רוס, א פאליאק, א טייטש,—אלץ, אלץ, נור נישט קיין איד איז א גאנץ געוועהנליכער, ציוויליזירטער מענש...

בערמאן

און אזעלכע אידען פיהרסטו אהין... עס לוינט זיך צו נעהמען אזא ריזיקא, ווי דו נעהמסט, צוליעב א ניט־דערוואקסענעם ציוניז־מוס...

שפרה

נאאום, דו רעדסט נארישקייט... דו זאגסט שטעכווערטלעך וויל דו קענסט ניט לאגיש ענטפערן אויף מיינע רייד. די מעטהאדע איז ניט קיין נייע, און פון דיר איז עס ניט שעהן.

שטוּפּ

איהר וועט זיך פאר'ן אווענפאהרען נאך צוקריגען אויך. אזא מעשה, פונקט אזא מעשה, אבער טאקע, ווי איהר זעהט מיך א

לעבענדיגען, טאַטש־וו־טאַטש אזא מעשה האָט פּאַסירט אין... (צו שפרה׳ן, וועלכע קוקט אַן אַ זייט צו דער ערד צו) איהר זוכט עפּעס וואָס?

שפרה

דערצעהלט, דערצעהלט! איהר האָט רעכט: עס איז גלייכער צו שווייגען, וואָרים מיר קענען זיך אין דער אמת׳ן צוקריגען און ווער ווייס צי מיר וועלען זיך ווען עס איז וויעדערזעהן...

מרס. זיגעל

(ווייגט זיך פּאַנאַנדער) זיינע ווערטער, אייך אַלעמען צו לענגערע יאָהר, פאר׳ן אוועגפאָהרען קיין (ווייגט וויעדער) באַלבירישאַק. (פּויזע.)

שפרה

וואָס האָט איהר געוועלט זאָגען, מר. שטופּ...

שטופּ

דעם אמת רעדענדיג, בין איך עפּיס היינט גאָר א צודרומשקעטער...

שפרה

אייך טוט באנג וואָס איך פאָהר אוועג (שמייכעלט), ניין?

שטופּ

וואָס איז דאָ צו לייקענען? געוויס טוט באנג און ווי נאָך באנג? באנג — באנג איז דאָך נים גלייך! אָט איז מען צונויפגעקומען, זיך צוגעוועהנט איינס צום אנדערן און, ווי זאָגט דער ענגלענדער? „איי וואָז דזשעסט בעגינינג טו לאַייק יו" —

שפרה

הערסטו? אזא אידישע אידענע ווי איך?

שטופּ

גוטע ווערטלעך... האבען... די ענגלענדער, זעהר גוטע, גוטע און איינפאכע, גאָר איינפאכע... „איי וואָז דזשעסט בעגינינג..."

מרס. זיגעל

ער קומט... מר. קרויזקאָפּ!

## דריטע ערשיינונג

קרויזקאָפּ צו די פריהערדיגע.

קרויזקאָפּ

(זעהר פערטראַכט) האָב בעשטעלט א קעררידזש... האלב נאָך זיעבען מוזט איהר ארויספאָהרען... וועט נעהמען א מינוט צעהן צו צו ליווערפּול סטריט סטיישען...

שפרה

הערט, מרס. זיגעל! לאָמיר נאָך טרינקען צו גלעזלעך טיי...

מרס. זיגעל

אודאי, וואָס רעט איהר, אודאי! דאָס ווערט ביי מיר איינס־צוויי־דריי? (אָב.)

שטופּ

און אפשר וואָלט מאַקע זיין א סברא זיך די לעצטע פונפצעהן מינוט ניט צו קריעגען, גאָר ניט צו קריעגען... אָהן שטעכווערטלעך צו רעדען, אָהן...

שפרה

איך וויס, וואָס איהר מיינט! נאאום, דו הערסט?

בערמאַן

וועל טאָן מיין בעסטעס, סאָניטשקא! אויב דו וועסט זיך איינהאלטען?...

שפרה

איך האלט זיך אימער איין... דו... נור דאָ קענען מיר זיך וועגען דעם גופא צו־ווערטלען... נו, און איהר, הערר קרויזקאָפּ?

קרויזקאָפּ

(אימער פערטראַכט) איך? וואָס?

שפרה

מיר ווילען האָבען שלום — וואָס מען רופט הארמאָניע — די לעצטע צעהן מינוט פאר מיין אָבפאָהרען...

קרויקאָפּ

גוט, איך קען אוועקגעהן...

שפרה

אָה, ניין, הערר קרויזקאָפּ, אזוי האָב איך דאָס ניט געמיינט. פּער־קעהרט... איך האָף, אז איהר וועט פאַר מיר מאַכען אַן אויסנאַהמע ביז איך פאָהר אוועג... איך וויים, איך בין אַ פּרויענצימער...

קרויזקאָפּ

(קוקט איהר אָן, פערטראַכטערהייט, צום ערשטען מאָל גלייך אין געזיכט אריין) ביז... איהר פאָהרט... אָה, יאָ! גוט! גוט! איך קריעג זיך מיט קיינעם ניט מעהר ווי איינמאָל...

שפרה

האָבען מיר זיך דען שוין איינמאָל געקריעגט? איך געדענק ניט; סאיידען (שמייכעלט) איהר רופט זיך געקריעגט, דאָס וואָס צווישען אונז איז פאָרגעקומען פאר'ן... יענעם טאָג... פאר'ן...

קרויזקאָפּ

פאר'ן געהן חתונה האָבען... (טוט זיך אַ כאַפּ) ענטשולדיגט, איך קום גלייך אריין... איך קום צוריק אין אַ מאָמענט. (נעהמט זיין הוט און געהט אַרויס.)

שפרה

אַלץ, דאַכט זיך, פּערפעקט! האָסטו דעם פּאַס אריינגעלעגט אין האַנדטאַש, נאַאום?

בערמאַן

אַלץ אין אָרדנונג, סאָניאַ! ווי געפעלט דיר דער בער אונזערער? האָט דאָך מיר ניט געלאָזען בעשטעלען קיין קעב... אַליין, זאָגט ער, מוז ער דאָס טאָן, כדי אַלע זאָלען טאַקע גלויבען, אז ער האָט מיט דיר חתונה געהאַט...

שפרה

שש... מרס. זיגעל געהט.

מרס. זיגעל

(מיט פיער גלעזער טיי, פּרובט און געבעקס) וואו איז מיסטער קרויז־קאָפּ?

בערמאַן

ער קומט באַלד אַריין... אָט איז ער! זעצט זיך, קרויזקאָפּ, לאָמיר טרינקען טיי. מיר האָבען נאָך (קוקט אויף זיין זייגער) זיעבען מינוט... אייגענטליך מעהר... אַ בילעט האָב איך שוין... און אויף באַגאַזש אויפגעבען וועט דויערן ניט לאַנג... איהר ווילט פעררוי-בערן? (גיט קרויזקאָפּ'ען פייער, יענער פעררויכערט.)

שפרה

ווען מיר וואָלטען זיך ניט צו'ווערטעלט פאַר־אַכט־טאָגען, הערר קרויזקאָפּ וואָלט איך אייך עטוואָס געבעטען...

קרויזקאָפּ

איהר? מיר? וואָס הייסט בעטען? (פּלאַצט אַרויס) בורזשואַזנע רעדענסאַרטען! זיי זיצען ניט טיעף די אידעען אונזערע פון מיין און דיין...

שפרה

האָב אָנגעהויבען צו לעזען אַ בוך אין אייער ביבליאָטעק... זאָלאַ'ס „געלד" (ל'אַרזשאַן) און אויב איהר...

קרויזקאָפּ

(מיט היץ) מאַכט ניט קיין צערעמאָניעס... (לויפט צו איינעם פון די שראַנקען) דאָס איז איינפאַך אַ בעליידיגונג. איהר וועט מיר געוויס נאָך דאַנקען אויך, ניין? (דערלאַנגט איהר דעם בוך) אָה, די פרויען!

בערמאַן

און אָבגעמאַכט שלום, דאַכט זיך.

שפרה

ניין, נור וואַפּענשטילשטאַנד אויף צעהן מינוט....

שמוּפּ

וואַפּענשטילשטאַנד איז גוט! זעהר גוט! איך געדענק שוין ניט וואו... אָבער ערגיץ אַ דייטשער שרייבער און אפשר אַ פראַנצויזי-שער, עס קען זיין מיר חלומ'ט זיך אַ פראַנצויזישער שרייבער אי-בערזעצט אויף דייטש, אָדער פערקעהרט אַ דייטשער... אי-בערזעצט אויף פראַנצויז? ניין, דאַכט זיך, אַז ניט...

שפרה

נו, נו?

שטופּ

בקיצור, זאָגט דער שרייבער, געדענק איך, אז דאָס לעבען פון מאַן און ווייב איז אַ לעבענסלענגליכע מלחמה צווישען צוויי בעלי־געדענטען... מיט אַ וואַפּענשטילשטאַנד פון צייט צו צייט... (קרויז־קאָפּ געהט ווידער אַרויס.) וואָהין געהט איהר, קרויזקאָפּ?

קרויזקאָפּ

(פון יענער זייט טיהר) קום אין אַ רגע צוריק...

בערמאַן

(קוקט אויפ'ן זייגער) דער קעבמאַן וועט געוויס באַלד דאָ זיין. קרויזקאָפּ קען ניט איינזיצען... אויף אַן אָרט.

מרס. זיגעל

(לויפט אַרויס) אפשר פיהלט ער זיך ניט גוט?

שפרה

הלואי זאָל זי האָבען געטראָפען!

בערמאַן

אזא שונא ביזטו איהם ווירקליך?

שטופּ

אזא...

שפרה

(לאָזט איהם ניט אויסרעדען) איי, מאַנסבילען! קורץ איז אייער שאַרפער בליק, אייער דורכדרינגענדער...

שטופּ

(לאַכענדיג) אָדלערבליק.

שפרה

יע, אייער אָדלערבליק. טיעף זעהט איהר אפשר, אָבער ניט ווייט און אַ בוך מיט זיעבען זיגלען איז פאַר אייך אַ מענשענ'ס הארץ.

שטופּ

שעהן און ביבליש גערעט... אַ בוך מיט זיעבען זיגלען! ווייסט

איהר אין גרונד דארף מען זאָגען א בריעף מיט זיעבען זיגלען, וייל...

שפרה

פריינד שטופ, דערצו איז איצט ניטאָ קיין צייט. (צו בערמאַנען) ווי שפּעט איז עס שוין?

בערמאַן

די דראָשקע וועט דאָ באַלד זיין.

שפרה

אויף קרויזקאָפּ'ען וואָלט אימיצער געדארפט אויפּפּאַסען... לעבען איהם דארף מען האָבען א ווערטערין, א מין קאַטוילישע שוועסטער פון בארמהערציגקייט. דאָס איינציגע וואָס איך, אלס אידיש קינד, בין די קריסטען אמת מקנא.

בערמאַן

דו האַלטסט איהם פאַר קראַנק?

שפרה

יא, ער איז קראַנק, דער נאָבעלער קרויזקאָפּ! און אַלע האָבען איהם (ער בעווייזט זיך אין טיהר) עס מאַכט ניט אויס, ער מעג מיך הערען... איך וועל איהם מעהר שוין קיינמאָל ניט פאַלען צו לאַסט... מיט ווערטער...

קרויזקאָפּ

איז ניט מעגליך צו רעדען פון עפּעס אנדערס?

שפרה

ניין, הערר קרויזקאָפּ, עס איז ניט מעגליך... איך מוז ארויסרעדען וואָס ביי מיר האָט זיך די לעצטע אַכט טעג אָנגעקליבען אין הארצען דאָ אין אייערע צוויי צימערן. איך פיהל, אַז ווען איך וועל דאָס אייך ניט זאָגען, וועט עס אייך קיינער ניט זאָגען. איהר זייט ארומגערינגעלט מיט מאַנסבילען און דערצו נאָך האַלב־גוי'שע מאַנסבילען...

בערמאַן

דארויף האָב איך געוואַרט... אויף „די גוי'שע"!

שפרה

און דו האָסט זיך דערוואָרט. איך זאָג האַלב־גוי׳שע, דאָס הייסט ניט גאַנץ נאַטירליכע, נור אַפעקטירטע מענשען, וואָס לעבען גאָר נים זייער אייגענעם לעבען, וואָס שפּיעלען בלויז ראָלען, ווי די קאָמעדיאַנטען אויף דער ביהנע, זיי זיינען ניט געוואוינט צו האַנד־לען נאַטירליך, און צו בעטראַכטען מענשען נאַטירליך. וואָלט הערר קרויזקאָפּ געהאַט ביי זיך מיט יאָהרען צוריק, ווען זיין אומ־גליק האָט איהם געטראָפען, אַ פּרויענצימער, אַפילו אַן אַלטמאָדישע אָבער אַ פרוי מיט אַ פרויענהאַרץ און דערצו אַ אידישע, וואָס פער־שטעהט זיך אויף אַן אונגליקליכען אידישען ליעבהאָבער, אַ אידי־שען, אַ אידישען, נאָאום! איינעם, וואָס הויבט ניט אָן צו שכור׳ען אין אַזאַ פאַל, ווי דאָס וואָלט געטאָן אַ גוי... דער בעסטער גוי... ווען, זאָג איך, ער וואָלט געהאַט אַזאַ פערזאָן לעבען זיך וואָלט ער ניט געוואָרען אַ קראַנקער, אַ מענש וואָס קוקט אויף זיך אין דער וועלט ווי אַ פּאַציענט אין אַ גרויסען האָספּיטאַל...

שטופּ

וואויל, וואויל! (קרויזקאָפּ נעהמט צוריק זיין הוט און וויל אַרויס־געהן.)

שפרה

אָה, איהר מוזט דאָ בלייבען, הערר קרויזקאָפּ! איהר מוזט מיך אויסהערען, ניט פון דאַנקבאַרקייט רעד איך, איהר פערלאַנגט ניט מיין דאַנק פאַר אַלץ, וואָס איהר האָט דאָ פאַר מיר געטאָן... איך וויים עס. אין מיר רעט אַנאַנדער געפיהל... אין מיר רעט... ווי גיט מען אייך דאָס צו פערשטעהן... דערזעלביגער געפיהל איצט, ווי אין דעם גוסס, בעת ער האָט זיינע געליעבטע אַלע אַרום זיך און ער רעט צו זיי, מחמת ער וויים, אַז מעהר וועט ער צו זיי שוין נים רעדען. און עפּעס צווינגט איהם אַלץ, אַלץ אַרויסצורעדען... אַלץ וואָס ער האָט אין דער ברוסט.

קרויזקאָפּ

(מיט׳ן הוט אין האַנד) ווען איך וויים ניט, אַז איהר פאָהרט אַוועג און צוליעב וואָס איהר פאָהרט, וואָלט איך געקלערט, אַז דאָס רעט

א פּרויענצימער, וואָס וויל מאַכען אַן עראָבערונג... אז דאָס הער איך אַ סירענענגעזאַנג פונ׳ם בייזען תהום ארויס...

שפרה

ניין, מיין פריינד, איהר הערט ניט קיין סירענענגעזאַנג: קיינער וויל אייך ניט פאנגען, איהר הערט אַ שוואַנענגעזאַנג... אימיצער שטאַרבט.

שטופּ

פּאָעזיע, ווי איהר זעהט מיך אַ לעבעדיגען! פּאָ־ע־זיע!

שפרה

שטערט ניט, ליעבער שטופּ. איהר הערט, זאָג איך, אַן אָבשיעדס־ליעד פון איינע, וועלכע, פאַר אייך ווענינגסטענס, וועט באַלד אויף אויביג אָבשטאַרבען, ווייל זי געהט אין אַנאַנדער וועלט אריין...

(קרויזקאָפּ מאַכט ווידער אַ בעוועגונג ארויסצוגעהן.) בלייבט, מיין פריינד, בלייבט דאָ מיט מיר נאָך עטליכע מינוט...

קרויזקאָפּ

וואָס ווילט איהר פון מיר?!

שפרה

גאָרנישט, חוץ אז איהר זאָלט מיך אויסהערען. אייערע פריינד, ווי איך האָב אייך געזאָגט, זיינען געוועזען מאַנסבילען. זיי האָבען אייך ניט פערשטאַנען ווען אייער אומגליק איז געקומען. זיי האָבען זיך מיט אייך ניט אינטערעסירט גענוג אריינצובליקען אין אייער הארץ און צו זעהן, אויב מען קען אייך ניט העלפען. זיי האָבען ניט געזעהן אין אל׳ די יאָהרען דאָס וואָס אַ פרויענאויג האָט דער־זעהן אין אַ טאָג. זיי האָבען דערפאַר אייך צוגעבאַמקעט ווען איהר האָט דאָ געשאָלטען אַלע ווייבער צוליעב איינע... צובאַמקענען איז לייכטער ווי רעדען און בעטראַכטען... אַגב פיהלען אונזערע מענשען און דענקען סאָציאַל... דער יחיד עקזיסטירט פאַר זיי ניט... און דערביי זיינען דאָס לויטער אוננאַטירליכע מענשען: בורזשו־אַזנע סאָציאַליסטען, גוי׳שע אידען, פּראַקטישע בטלנים, זאָלען זיי מיר מוחל זיין. אָה, איך האָב וועגען דעם פיעל, פיעל גע־טראַכט...

קרויזקאָפּ

(מיט גרויס כעס) אָבער וואָס ווילט איהר פון מיר, צום טייפעל! ! !

שפרה

איך וויל אייך נאָך מעהר ארייגברענגען אין כעס. איך וויל אייך זאָגען, אז ווען מען וואָלט אייך ניט געלאָזט זיך בעזעצען אין האָספּיטאַל אלס אַן אונקורירבארער פּאַציענט, וואָלט איהר געזעהן, וואָלט איהר לאַנג שוין איינגעזעהן, אז אייער גאַנצער פרויענהאַס איז לעכערליך. איהר זייט צו גרויס, צו נאָבעל, קרויזקאָפּ, צו האַנדלען קליינליך און געמיין! איהר ווייסט אליין ניט ווער און וואָס איהר זייט... איך חנפ'ע אייך ניט, איך דארף אייך ניט... (אין גאַס דערהערט זיך, ווי עס פאָהרט צו אַ דראָשקע.) אָט, מען קומט שוין נאָך מיין נשמה! לאָזט מיך שנעל אויסרעדען... פיהלט איהר ניט, ווי לעכערליך עס איז פאַר אַ מאַן, ווי איהר זייט, זיך צו בעקלאָגען, אז אַ פרוי האָט איהם פערראַטהען, אז זי איז איהם אונטריי געוואָרען? וואָס הייסט דאָס ווערען אונטריי? ווער קען דאָס אימיצען ארויסגעבען אַ גאראַנטיע אויף ליעבע אויף אַ גאַנצען לעבען? (דער קעבמאַן בעווייזט זיך אין טיהר.) נאַאום, לאָז ער אַרונטערנעהמען די זאַכען, איך בין באלד צו־ענד... (מען נעהמט ביסלעכווייז אַלץ אַרונטער.) דארף זי דען דאָס זיין אַן אויסוואורף, אַ שלאַנג, אַ פּוריע, צו ליעבען אַנאַנדערן בעת אייך, איהר העלד, בעוואונדערט זי? קען ניט אַ פרוי ליעבען אַ נעבעכ'ל בעת זי בעוואונדערט און פאַלט אויף די קניע פאַר אַ גאַריבאַלדי? הערד קרויזקאָפּ... איך וויל אייך קיין מוסר ניט זאָגען, איהר זייט קליגער פאַר מיר און מוסר העלפט גלאַט ניט. אָבער...

בערמאַן

סאָניטשקאַ! עס איז צייט צו געהן!

שפרה

איין וואָרט נאָך. (שטילער.) איהר מענער קומט צו יונגע אונער־פאַהרענע מיידלעך, וואָס האָבען נאָך פון לעבען, חוץ חלומות, גאָר־נישט געהאַט. קלערט איהר אויף אַן אויגענבליק, אז איהר וועט

זיי ווירקליך אויביג טריי זיין? און דאך קומט איהר צו זיי, שוין האבענדיג גענאשט... אמאל שוין זאטערהייט, אמאל זאגאר שוין איבערזאט... און איהר מעגט! (זי גיט איהם די האנד) זייט געזונד, מיין פריינד!

מרס. זיגעל

אסור, אויב איך ווייס וואס דא טוט זיך?

שפרה

(צו קרויזקאפ'ען) זייט געזונד! איך וועל אייך אויביג האלטען פאר...

קרויזקאפ

יע, יע... עס ווערט שפעט. איך וואלט אייך בעגלייט... אפשר קום איך נאך צום וואגזאל... געהט, געהט!

שפרה

(צו מרס. זיגעל) א גרויסען דאנק אייך פאר אייער פריינדליכקייט... וואס איהר פערשטעהט ניט וועט מען אייך שוין ערקלערען... גיט מיר א קוש! (זיי קושען זיך.) אט אזוי, נאך איינעם, א הארציגען! (אלע, חוץ קרויזקאפ און מרס. זיגעל, געהען ארויס.)

מרס. זיגעל

(נאך א קורצער פויזע) מר. קרויזקאפ!

קרויזקאפ

(געהט הין און צוריק איבער'ן צימער) וואס ווילט איהר?

מרס. זיגעל

אפשר וואלט גלייבער געווען צו שווייגען...

קרויזקאפ

אויב איהר פיהלט אזוי, דאן שווייגט.

מרס. זיגעל

פאר וואס זייט איהר ניט געגאנגען צום סטיישען?

קרויזקאפ

פארוואס בין איך ניט געגאנגען, הא?

מרס. זיגעל

יע, פארוואס ניט?

קרויזקאפּ

איהר ווילט וויסען, חוה'ס טאכטער?

מרס. זיגעל

מיין מאמע, עליה השלום, האט ניט געהייסען חוה. איהר מעגט מיר ניט זאגען אויך; מיין הארץ ווערט צובראכען אויף אייך קוקענדיג, מעהר גארנישט... (ווישט זיך די אויגען מיט'ן פארטוך.)

קרויזקאפּ

(אין א ווייבערען טאן) איך וויים, איך וויים, מרס. זיגעל: איהר זייט מיר אן אמת'ער גוטער פריינד. געווים, איהר קענט ניט פערשטעהן וואס דא טוט זיך... אט וועל איך אייך זאגען דעם תוך, פרעגט ניט קיין קשיות.

מרס. זיגעל

(בערוהיגט) גוט, גוט, רעט...

קרויזקאפּ

מים בערמאן און איך האבען חתונה געהאט אויף צופלייסען. זי האט מיר ניט בעדארפט ווי איך איהר ניט, מיין נאמען האט זי בלויז בעדארפט, דערצו א געזעצליכען, ענגלישען פאס... איצט האט זי אי דעם נאמען, אי דעם פאספארט און איך וועל איהר אודאי קיינמאל ניט זעהן מעהר...

מרס. זיגעל

ווייל איהר האט פיינט די ווייבער, אדער ווייל איהר האט פיינט מים בערמאן?

קרויזקאפּ

וואס איז די נפקא מינה?

מרס. זיגעל

אלץ אזוי?

קרויזקאפּ

צו איהר אליין האב איך גאר ניט.

מרס. זיגעל

געלויבט איז גאָט דערפאַר.

קרויזקאָפּ

וואָס מיינט איהר דערמיט?

מרס. זיגעל

וואָס איך מיין? וואָס זאָל איך מיינען? וועל אייך זאָגען וואָס איך וויים: מים בערמאַן איז אייך צוגעטאָן מיט לייב און זעעל! דאָס איז וואָס איך וויים.

קרויזקאָפּ

האָט קיין פאַראיבעל ניט, מרס. זיגעל, איהר רעט נארישקייט... אָבער לאָמיר אפילו זאָגען, אז דאָס איז אזוי — זי מיט מיר איז ניט קיין פּאָאר, און וועט קיינמאָל ניט זיין... קיין שום פרויען־צימער וועט מיט מיר קיין פּאָאר ניט זיין, מרס. זיגעל. קיינמאָל ניט, קיינמאָל ניט!!

מרס. זיגעל

אמאָלע וואָס? זיכער איז מען נור מיט'ן טויט, דער לעבעדיגער קען אַלץ דערלעבען. מר. קרויזקאָפּ...

קררויזקאָפּ

(נאָך אַלץ שפּרייזענדיג איבער'ן צימער) וואָס נאָך, מרס. סיגעל?

מרס. זיגעל

איהר געדענקט ווען איהר האָט זיך פאָטאָגראַפירט פאר א יאָהרען האָט איהר מיר געגעבען א בילד... האָב אייך געבעטען און איהר האָט געוועלט פון מיר פּטור ווערן... האָט איהר מיר געגעבען...

קרויזקאָפּ

געדענק, געדענק. איז וואָס?

מרס. זיגעל

זי, מים בערמאַן, האָט ביי מיר דעם בילד צוגענומען... האָב אידר ניט געקענט אָבזאָגען...

קרויזקאָפּ

(כאַפּט דעם הוט און טוט אַ קוק אויפ'ן זייגער) פונפצעהן מינוטען צו אכט! וועל נאָך פּאַספּייען. (לויפט אַרויס.)

מרס. זיגעל

(לויפט איהם נאָך) נאַרישער מענש, זי האָט עס פּערפּאַקט צווישען די זאַכען, וואָס געהען אין באַגאַזש! ער הערט ניט! דאָס איז אַ ביסעל אַ פּערביסענקייט!

(אין קאָרידאָר הערט זיך שטופּ'ס קול: „וואוהין לויפט איהר? איהר וועט ניט פּאַספּייען, זעהט דעם פּאַג! דראָשקעס קריכען ווי טשערעפּאַכעס"...)

## פ י ע ר ט ע ע ר ש י י נ ו נ ג

קרויזקאָפּ קומט צוריק, מיט איהם איז שטופּ.

שטופּ

דער פּאָג... טאַקע ניט פון די ערגסטע, געוויס ניט פון די ערגסטע פּאָגעס, אָבער ווען מען דער לעבען איז ליעב, געהט לאַנגזאַם אין אַזעלכע אָוועגדען, געהט זעהר לאַנגזאַם.

קרויזקאָפּ

הייסט עס, איהר זייט ניט דערפּאָהרען ביז'ען סטיישען?

שטופּ

געוויס ניט. האָב געזעהן גלייך, ווי איך בין אריין אין קעררעדזש, אַז איך בין איבריג... שוועסטער און ברודער האָבען געוועלט צוויי־שען זיך רעדען. וואָלט געוועזן צו קריגען אַנאַנדער קעררעדזש וואָלט איך אַריינגעשפּרונגען און וואָלט אַליין צוגעפּאָהרען. מיר דאַרף מען קיין פינגער אין מויל ניט אַריינלייגען, איך פערשטעה אַזעלכע זאַכען אויפ'ן וואונק... אגב איז דאָ אַן ענגלישער ווערטעל, זעהר אַ גוטער, טיעף און שאַרף...

קרויזקאָפּ

(שמייכעלט) טיעף און שאַרף?

שטופּ

(קוקט איהם אָן) יע נו! דער ענגלענדער זאָגט „טו אַר קאָמפּאַני, טהרי אַר אַ קראָוד".

מרס. זיגעל

וואס איז דער טייטש דערפון?

שטופ

אז ווען צו צוויי שטעהט צו א דריטער איז מען שוין ניט מעהר אין א געזעלשאפט... נור אין א געזעמעל. דא וואלט מען געדארפט האבען סאפיען, אדער, ווי זי וויל אז מען זאל איהר רופען, שפרה'ן אונזערע... ביי איהר ווערען אזעלכע גוי'אישע פסוקים געאידיש תוך־כדי־דבור. „תוך־כדי־דבור" גופא איז איהרער א ווערטעל.

קרויזקאפ

איז זי א ציוניסטקע?

שטופ

דאכט זיך, אז ניין. מען קען ניט זאגען אז זי איז. אין פארטייען און פראגראמען קלייבט זי זיך ניט לייכט פאנאנדער. גאר ניט לייכט. איך וויל קיין שלעכטס פון איהר ניט רעדען, אבער איהר מעגט זאגאר זאגען: שווער. אין דער שווייץ איז געווען א טער־נאלאג, א בלוטיונגער מענש. איז ער אין איהר א לאנגע צייט געווען ביז איבער די אויערן פערליעבט, דאס הייסט פערליעבט וואס פערליעבט הייסט, אז עסען און טרינקען, אז טאטען און מאמען צו פערגעסען...

קרויזקאפ

(אין אן אויפגערעגטען טאן) צו וואס דערצעהלט איהר מיר דאס?

שטופ

אט הערט, וועט איהר וויסען.

קרויזקאפ

טו מאכט עס אביסעלע קירצער.

שטופ

אויך רעכט. איז דער דאזיגער יונגערמאן האט אמאל סאפיען ריכטיג כאראקטעריזירט. ריכטיג און פערנינפטיג און מיט קארגע עטליכע ווערטער כאראקטעריזירט: די בערמאן, זאגט ער, איז די אויפריכטיגסטע פערזאן אין דער בערנער קאלאניע. זי האט פיינט

יעדע פערשטעלונג, אלץ וואָס איז געמאכט און אָנגעשטעלט. זי האָט פיינט אַלץ וואָס איז געפּאַרבען און געגילט. אויף איהר פּנים איז קיין מאָל ניטאָ קיין מאסקע און קיין שמינקע. זי...

קרויזקאָפּ

נו, דאָס איז אַ לויבגעזאַנג. ווי איז דאָס שייך צום ציוניזמוס?

שטופּ

איינפאַך, זעהר איינפאַך, קלאָר ליעגט עס אויף דער האנד. און דאָס ערקלערט פּאַרוואָס זי איז ניט דוקא קיין ציוניסטקע, ניט קיין אנדער איסטקע... דאָס לאָזט זיך אויסדריקען אין צוויי ווערטער: צוויי ווערטער„ פערשטעהט זיך, איז אַ גוזמא, אָבער זיכער אין עטליכע ווערטער, אין גאָר ווייניג ווערטער.

קרויזקאָפּ

טו דריקט עס אזוי אויס, איך בעט אייך...

שטופּ

אָט הערט: דער נייער אנטיסעמיטיזמוס, וואָס האָט זיך פערשפּרייט און איז אויסגעוואַקסען דוקא אין ציוויליזירטע און פּאַרגעשריטענע, זאָגאר דעמאָקראַטישע לענדער — אזוי האָט דאָס דער טעכנאָלאָג ערקלערט — האָט דעם אידען געבראַכט צום ראַסען־בעוואוסטזיין... צו פערשטעהן, אז ווי ער זאָל זיך ניט גרימירען און פערשטעלען, בלייבט ער אַ איד און ווערט געהאַסט אַלס אַ איד. דאָס, הייסט עס...

קרויזקאָפּ

דעם רעסט וועל איך שוין קירצער מאַכען. איך פערשטעה, זאָגט מיר אויב איך פערשטעה ניט. עס איז געגען דעם אַנטיסעמיטיזמוס נור דאָ איין ברירה: זיך שמד'ען, אָדער צוריק אָנטאָן אויף זיך דעם צלם אלקים. אָן עהרליכע, ערנסטע נאַטור ווי סאָפיע בערמאַנ'ס, איז, הייסט עס, דערפאַר געוואָרען אַ כשר'ע, אידישע נשמה ווי איהר באָבע, זכרונה לברכה. איצט דאַרף זי קריגען אַ צאינה וראינה און רעדען אידיש ווי די באָבע, זכרונה לברכה, און ווען זי וועט דערגרייכען די באָבע'ס עלטער. אם ירצה השם, וועט זי

אנטאן א קנופ און וועט גען ווען צו סליחות, זי, די היינטיגע רעוואָלוציאָנערקע. וואָס זאָגט איהר, פריינד שטופ? צוגעטראָפען דעם סטודענט טעכנאָלאָג?

שטופ

צוגעטראָפען, למשל, ניט. ניט אין גאַנצען. אָבער מיר געפעלט דער זאָג אייערער. וואויל אויסגעדריקט, גאָר וואויל...

קרויזקאָפ

לעילאָ ולעילאָ מן כל ברכתא ותושבחתא — ווי מיין זיידע פלעגט זאָגען און ווי מים בערמאן וועט זאָגען אין מיין זיידע'ס יאָהרען. איצט לאָמיר רעדען וועגען פרעהליכערע זאכען... מרם. זיגעל, וועט איהר פאר אונז מאַכען וואָס צו עסען?

מרם. זיגעל

אודאי! שוין געמאַכט, נאָר מיר וועלען וואַרטען ביז מיסטער בערמאַן וועט צוריק קומען פון סטיישען. געה, אלץ אָנגרייטען. (אָב.)

קרויזקאָפ

דערווייל לאָמיך ווערען צוריק א בעל־הבית ביי זיך. קיין זאך זעהט מיר ניט אוים אויף אָן אָרט... (פאָדעט אַרום אין צימער.) זי האָט דאָ א שעהן ביסעל געלעזען... (דרעהט איבער אַ בוך.) אָט שטעהט מיין דאַנטע מיט'ן קאָפ אַראָב... (געהט ווייטער אַרום די ביכער.) און לעבען מיין „פאַמיליען"־שעקספּיר ליעגט דער אַלבום דער אַלטער...

מרם. זיגעל

(אַריינקומענדיג מיט אַ ריינעם טישטוך) אין דעם אַלבום מעגט איהר אַריינקוקען. „זאָגט איהם, האָט זי געזאָגט, אויב ער וויל מעג ער עם אַרויסוואַרפען..."

קרויזקאָפ

וואָס אַרויסוואַרפען?

מרם. זיגעל

(צוריק אַרויסגעהענדיג) בלעטערט, וועט איהר זעהן. (אָב.)

קרויזקאָפ

(זעהר אויפגערעגט) דאָס וואָלט געווען... (בלעטערענדיג געפינט ער אַ

בילד. נעהמט עס אַרויס מיט אַ ריס) א י ה ר בילד! וואָס פאַר אַ רעכט האָט זי געהאַט... דאָס קען ווירקליך נור אַ פּרויענצימער. (וואַרפט דאָס בילד אַרויס אויפ'ן טיש.)

שטופּ

און צוריק גערעט, וואָס איז דאָס פאַר אַזאַ גרויסער פערברעכען? זי איז געווען ביי אייך צו־גאַסט איבער אַ וואָך. ווי זי האָט צו אייך געפיהלט, פרעגט מיר. איצט פאָהרט זי אַוועג ווערט אייך אפשר קיינמאָל מעהר ניט זעהן. וואָלט איהר געווען אַ געוואוינ־ליכער מענש, אַ מענש ווי אַלע מענשען... אַ...

קרויזקאָפּ

נו, נו, נו! אַ מענש, אַ פּראָסטער, אַ צווייפיסיגער, אַ האַרציגער, אַ דאַמענפריינד, אַ שלעפּענטראָגער... רעט שוין, רעט!

שטופּ

(ווי ניט איהם מיינט מען דאָס) וואָלט זי אייך געגעבען איהר בילד צום אָנדענקען און געבעטען אייער'ס. איצט אָבער... (מרס. זיגעל קומט אַריין מיט אַ טאַץ פול מיט געשיר), אַזוי ווי זי האָט צו טאָן מיט אַ מענשען ווי איהר, גיט זי אייך דעם בילד אויף ד ע ם אופן. וואָס זאָל זי טאָן?

מרס. זיגעל

אַ שטייגער איהר ווייסט גאָר ו ו י זי גיט דאָס? אָבער וואָס איז דאָ צו רעדען? (קוקט אַרויס דורכ'ן פענסטער.) דער טאָג איז שוין ניט אַזוי געדיכט. איך פאָהר, פון דעסטוועגען, אין אַזאַ וועטער ניט אַרויס. (נעהמט אַרונטער דאָס בילד און טראָגט עס צום קאַמין.)

שטופּ

פון האַרוויטש ביז ראָטערדאַם איז ניט קיין יאַזדע נאָך אַמעריקאַ, אָבער אונגליקען פּאַסירען אין אַ טאָג. אָיי, פּאַסירען זיי, און ווי נאָך פּאַסירען זיי!

קרויזקאָפּ

(זעהר אויפגערעגט, אַליץ נאָך שפּרייזענדיג איבער'ן צימער) אונזין, פריינד שטופּ, עס איז זיכערער זיך צו לאָזען איבער'ן ים אין אַ

טומאַן, ווי איבער טהרעד־נידעל־סטריט... (פון איצט אָן שפּאַצירט
ער כסדר אַזוי, אַז ער קומט רק צום מענטעלפּיעס איבערן קאַמין און
גיט, כלומרשט ניט ווילענדיג, אַ קוק אויף שפרה'ס בילד.) אַ מענשען,
וואָס דענקט וויסענשאַפטליך, דאַרף מען דאָס ניט זאָגען. בערע־
כענט דעם דורכשניט פון גע'הרג'עטע אויף די גאַסען און אויפ'ן
ים וועט איהר זעהן, אַז די געפאַהר איז גרעסער אין שטאָדט.

מרם. זיעגעל

(האָט דערווייל אויסגעשטעלט אַלע טעלער אויפ'ן טיש) עפּעס וויינט די
האַרץ מיינע, אַזוי ווי איך וואָלט אַ קינד פערלאָרען. אין איין
קורצע וואָך איז זי מיר אַזוי איינגעבאַקען געוואָרען אין האַרצען,
אַז... איך האָב די גאַנצע וואָך געלעבט אין האָפנונג אַז דאָ... נור
וואָס העלפט דער רעדען? מר. קרויזקאָפּ!

קרויזקאָפּ

נו?

מרם. זיגעל

ווי שפּעט איז עס שוין?

קרויזקאָפּ

אַ פערטעל נאָך אַכט. בערמאַן דאַרף שוין באַלד זיין צוריק...

מרם. זיגעל

דערמאָנט דעם מלאך קומט דער גלח! אָט איז ער...

## פינפטע ערשיינונג

בערמאַן צו די פריהערדיגע.

בערמאַן

דער פּאָג קלערט זיך.

מרם. זיגעל

זעצט זיך צום טיש, מר. בערמאַן. מרם... מין בערמאַן איז טאַקע
אוועקגעפאָהרען?

בערמאַן

נו? וואָ־דען? אַוועקגעפאָהרען, געווים אַוועקגעפאָהרען. ווייסט איהר, קרויזקאָפּ, איהר האָט גערארפט קומען צום סטיישען.

קרויזקאָפּ

פאַרוואָס האָב איך דאָס געדאַרפט?

בערמאַן

ווייל זי האָט אויף אייך געוואַרט ביז דער לעצטער מינוט... איז אַוועקגעפאָהרען זעהר ענטטוישט...

מרס. זיגעל

הערצער פון שטיין! (פערכליפּעט זיך און געהט אַרויס.)

קרויזקאָפּ

האָב איהר צוגעזאָגט נור האַלב־און־האַלב. קיינער האָט קיין רעכט ניט געהאַט מיך צו ערוואַרטען.

בערמאַן

חוץ דעם... נור לאָז זיין.

קרויזקאָפּ

אַרויסנערעט! לאָז וואָס זיין? אַרויס מיט'ן לשון!

בערמאַן

נו, אַז איהר ציעהט מיר פאַר'ן צונג! עס האָט אויסגעזעהן, עפּעס אַזוי ווי איהר וואָלט זיך ניט מעהר פיהלען אַזוי זיכער אין אייער פאַנצער ווי פריהער...

קרויזקאָפּ

(טוט, ניט ווילענדיג, אַ קוק אויפ'ן קאַמין) איהר מאַכט חוזק פון מיר, סיגנאָר בערמאַן.

מרס. זיגעל

וועט איהר זיך זעצען, ברענג איך אַריין די זופּ...

בערמאַן

איז ניט מעגליך נאָך צו וואַרטען עטליכע מינוט? איך געה צום סינק און וואַש זיך צוערסט אַרום. איך בין ווי אויסגעבאָדען אין פּאָג. (געהט אַרויס.)

קרויזקאָפּ

(אין שטייגענדער אויפרעגונג) האָט מיך ערוואַרטעט! אַ חזקה האָט זי אויף מיר! (זעצט זיך ביים טיש מיט'ן פּנים צום קאַמין) שטופּ! שטופּ!! מיסטער שטופּ!!!

שטופּ

גאָט איז מיט אייך! וואָס שרייט איהר אַזוי?

קרויזקאָפּ

ענטשולדיגט, ליעבער פריינד. איך וויל נור וויסען איין זאַך, גוטער שטופּ. זאָגט מיר: וואָס וויל מען פון מיר? וואָס... וואָס וויל ז י... פון מיר? וואָס וויל זי? והאָם?! וואָס??! וואָס?!!

(טוט אַ קלאַפּ אין טיש. עס שפּרינגען אויף אַלע טעלער, איינער פאַלט אַראָב און ווערט צובראָכען מיט אַ טראַסק. עס לויפט אַריין פרוי זיגעל, נאָך איהר בערמאַן, זיין פּנים ערטערווייז אין זייף.) גאָרנישט, ליעבע פריינד, גאָרנישט...

בערמאַן

דאָס קען ניט זיין „גאָר נישט"! האָב א י ך אייך אויפגערעגט, מיין פריינד... פערצייהט מיר... האָב קיין בייז ניט געמיינט.

קרויזקאָפּ

איך גלויב אייך. אָה, איהר זייט אַלע זעהר גוט צו מיר... געהט, בערמאַן, ווישט זיך אָרום, איהר זעהט אוים זעהר קאָמיש (לאַכט זיך פאַנאַנדער היסטעריש.)

בערמאַן

אָט אַזוי, לאַכט. איך קום באַלד אַריין. (אָב. מרס. זיגעל אויך.)

קרויזקאָפּ

שטופּ! מיסטער שטופּ!

שטופּ

וואָס ווילט איהר, הערר קרויזקאָפּ

קרויזקאָפּ

זייט איהר בעהאַוועגט אין היינע?

שטופּ

פּטור, נו!

קרויזקאָפּ

איך ווייס ניט ווי אזוי, אָבער מיר פאַלט איין אזא פערז:

„ווער צום ערסטען מאָל ליעבט,

„זיי'ם אויך גליקלאָז, איזט איין גאָט;

„אבער ווער צום צווייטען מאָלע

„גליקלאָז ליעבט, דער איזט איין נארר!"

איך געה ווייטער ווי היינע. איך זאָג: „דער איזט איין שוטה שבשוטים צווישען שכור'ע אייזלען..." דאָס קלינגט ניט אזוי גוט ווי ביי היינען, אָבער עס איז אמת'ער... (אויפגערעגט) אמת'ער, פריינד שטופּ, פּיעל, פּיעל אמת'ער!!

שטופּ

אַנטקעגען וואָס זאָגט איהר דאָס?

קרויזקאָפּ

אנטקעגען וואָס? (בערמאַן קומט אריין) אָט דער חכם האָט א שוועסטער, איז זי קליגער פאַר איהם און פאַר אונז אַלעמען. זי זאָגט אַז די מאַנסבילען זיינען גאָטפערדאַמטע בהמות און זי איז גערעכט. מרס. זיגעל האָט מעהר שכל פאַר אונז אַלעמען. יעדע פרוי, יעדע מיידעל, יעדע ספּאַרניצע... יעדע, זאָג איך אייך!!!

בערמאַן

קרויזקאָפּ, איהר זייט זעהר אויפגערעגט. (דערלאַנגט איהם א גלאָז קאַלטע וואַסער.) נעהמט א זופּ, מיין פריינד!

קרויזקאָפּ

א שעהנעם דאַנק אייך. (טרינקט) איצט לאָמיר פּעררויכערן.

בערמאַן

מיר געהען דאָך באַלד עסען!

קרויזקאָפּ

ניין, מיין פריינד. מיר וועלען נאָך א ווײַלע ווארטען. איך פּיהל זיך ניט גוט. גיט אָהער א שוועבעלע! (בערמאַן דערלאַנגט איהם.) פעררויכערט איהר אויך... הערט, בערמאַן! (נעהמט אראָב דעם בילד פון איבערן קאַמין) טאָמער וויל איך דיעזען פּאָרטרעט אָבשיקען אייער... אָבשיקען צו איהר... וועט איהר מיר געבען איהר אדרעס?

בערמאַן

יע, ווען זי וועט ערלויבען. דאָס איז דער אָבמאַך.

קרויזקאָפּ

גוט. און איך וועל צוריק פערלאַנגען מיין בילד.

בערמאַן

איהר האָט איהר דען געגעבען אייער בילד?

קרויזקאָפּ

געגעבען? ניין, זי האָט גענומען, ביי מרס. זיגעל.

בערמאַן

וואָס איך הער! איז דערפאַר האָט זי עס פערלאַנגט אַ רעמעלע? איצט פערשטעה איך.

קרויזקאָפּ

און איהר האָט עס איהר געקויפט?

בערמאַן

געוויס; אַ זילבערנעם.

שטופּ

פאַר איהם! פאַר איהם, בערמאַן.

קרויזקאָפּ

בערמאַן — שטופּ, אַ שרעקליכער אונגליק האָט פּאַסירט! איהר הערט? אַ שרעקליכער אונגליק! עס איז ניט איהר שולד... זי איז עהרליך, עהרליך, און גוט, און ריין פון בייזע כונות... אָבער זי האָט מיך אין גאַנצען רואינירט... אין גאַנצען, אין גאַנצען, אין גאַנצען!

בערמאַן

איך פערשטעה אייך ניט... קרויזקאָפּ! ליעבסטער פריינד... (דער־לאַנגט איהם די רעכטע האַנד.) וואָס איז מיט אייך?

קרויזקאָפּ

(נעהמט איהם אָן פאַר'ן האַנד און פאַלט איהם אויפ'ן האַלז מיט אַ שטילען, האַלב דערשטיקטען געוויין.)

# פיערטער אַקט

**ברוך פלינק'ס רעסטויראַן. אַלץ ווי אין ערסטען אַקט. נור אויף איין וואַנד הענגט אַ גרויסע אַפּישע, מיט האַלץ־אותיות, דריי צאָל לאַנג, פאַר די הויפּטזעכליכע ווערטער — טהעמאַ און לעקטשור־רער'ס נאָמען. מען קען לעזען: „יוליוס קרויזקאָפּ" וועט האַלטען אַ פאָרטראַג זונטאג אום 8 אוהר אָבענד אין „מייל־ענד אַסעמבלי האָל" איבער „פילאַנטראָפּיע און פרייהייט".**

## ערסטע ערשיינונג

**ברוך פלינק, שמעלקע דער קעלנער, צוויי שאַכשפּיעלער, צוויי דאָמינאָ־שפּיעלער, איניגע געסט. באַלד קומט אַריין בערמאַן מיט גדליה שטופּ. איין שאַך־שפּיעלער לערנט גמרא.**

שמעלקע

(געהט צו צו די שאַכשפּיעלער) אפשר וואָלט געווען אַ סברא אז מען זאָל זיין אַ האָרעלע שטילער ביים שפּיעל? און איהר, ר' קרוב, מעגט בענוצען דעם שפּייקעסטעל לעבען אייך און ניט פער־כראַקענען דעם גאַנצען רעסטאָראַן. (קיינער פון זיי הערט איהם ניט.) רעט צו זיי, רעט צו דער וואַנד. נאָר געלויבט זיין היי־ליגער נאָמען, זיי ענדיגען שוין, און מיטאָג עסען זיי אין דערהיים... דאָ פערשפּענדען זיי מעהר צייט ווי געלד.

פלינק

איז בערמאַן דאָ שוין היינט געווען?

שמעלקע

געוועזן אין דער פריה. האָט זיך געזעהן מיט א י ה ר און איז אוועקגעגאַנגען. מיסטער פלינק, איהר פערשטעהט וואָס דאָ טוט זיך?

פלינק

מי שפּיעלט זיך דאָ אין בעהעלטעניס, שפּיעלט מען זיך. א פערקעהרטע וועלט, ברודער שמעלקע! אַמאָל האָט מען חתונה געהאַט צונויפצוקומען. היינט איז דאָס קאַפּויר, אַלץ קאַפּויר! חתונה האָט מען כדי פאַנאַנדערצוגעהן, און געהט מען פאַנאַנדער וויל מען צוגויפקומען, וויל מען, און קומט מען צונויף וויל מען זיך ניט זעהן... אין קאַצען־מויז שפּיעלט מען זיך... און סודות, לויטער סודות! האָב זיי דער גוטער יאָהר... האָב זיי! אָבער, שמעלקע, וואָס וועניגער גערעט... ניט אונזער עסק.

שמעלקע

פאַר מיר דאַגה'ט ניט. אָבער, מיסטער פלינק, מאחורי הפרגוד האָב איך געהערט — צווישען אונז זאָל דאָס בלייבען — אז קרויזקאָפּ האָט געוואָלט זיך נעהמען דעם לעבען... האָט בערמאַן איהר געקלאַפּט א טעלעגראַם און האָט זי אַהער צוריקגעבראַכט פון האַללאַנד... צי קרויזקאָפּ וויים דערפון, האָב איך ניט געקענט ארויסקריגען. ווי אַזוי זיי האָבען זיך גלייך נאָך דער חתונה צוקריעגט און צוליעב וואָס — ווייס מען אויך ניט. איצט, משמעות, וועלען זיי דאָ היינט צונויפקומען. בערמאַן וויל אָבאַווירען, אז קרויזקאָפּ זאָל אַהערקומען אַזוי גיך ווי דאָ געהט דער עולם פאַנאַנדער...

פלינק

מען וואָלט געדאַרפט זיי משלח זיין... וואָלט מען געדאַרפט... (בערמאַן מיט שטופּען קומען אַריין און זעצען זיך אַוועק אין א שטילען ווינקעל.)

איין דאַמינאָ שפּיעלער

(צו'וואַרפט די שטיינער מיט גרויס כעס) ביידע הענט זאָלען מיר אָבדאַרען אויב איך שפּיעל נאָך אַמאָל מיט אייך!...

צווטער שפּיעלער

און זאָל מיר אָבנעהמען דער צונג אויב איך וועל אייך ווען עס איז רופען שפּיעלען... זיינען מיר קווית. קעלנער! (שמעלקע געהט צו, זיי בעצאָהלען איהם.)

פלינק

וואָס הערט זיך נייעס, רבותי?

ערסטער שפּיעלער

גאָרנישט, חוץ וואָס דער דייטשער קייזער מאכט זיך זיין אייגענעם לוח.

פלינק

ווי הייסט: זיין אייגענעם לוח?

ערסטער שפּיעלער

ווייל ניט ווארטען ביז איבער־אַ־יאָהר אויפ׳ן צוואַנציגסטען יאָהר־הונדערט, וויל עס האָבען גלייך... לאָז ווארטען, אַ שטייגער, ווער עס האָט צייט, ער האָט ניט. (צום צווייטען:) מיט מיר, ר׳ קרוב, איז אָבגעשפּיעלט. אַ גוטען! (הויבט אָן צו געהן.)

צווייטער שפּיעלער

קויפט אַ קראַייקע און שפּיעלט זיך מיט אַ אינגעל אין פערדלעך; האָמינאָ איז ניט אייער שפּיעל, ׳סאיז אַ קליינינגקייט, אָבער מען דארף דאָס קענען... גוד־באַי! (געהט.)

בערמאַן

(צו שטופּ׳ען) אָט אַזוי גט׳ען זיי זיך און קומען ווידער צונויף אַלע ליעבע טאָג, אַמאָל צוויי מאָל אַ טאָג. זיי קומט אָן דער זיווג און דער גט לייכטער ווי אונזער פּאָאָר פאָלק.

שטופּ

אַ שרייבער... מען לייענט אַזוי פיעל שפּראכען... איך וויים ניט צי אַ דייטש, אָדער אַ פראַנצויז, וויל האָבען, אז מעהר ווי איין פּאָרעל אין יעדער משפחה וואָלט ניט קענען צוזאמענבלייבען ווען ניט אַ מחלוקה אַלע איבערטאָג. איך האַלט דאָס פאַר אַ גוט וואָרט, גאָר־גאָר אַ גוט וואָרט, איך האַלט דאָס פאַר אַ גאונישען וואָרט, בערמאַן.

בערמאַן

הערט, ליעבער שטופּ, מיר האָבען היינט פאַר זיך אַן ערנסטען עסק. לאָמיר לאָזען די ליטעראַטור אַן א זייט. עס איז, דאַכט זיך, דאָ אין תהלים א פּסוק אזעלכער, שוין לאַנג ניט געהאַלטען א אידישען ספר אין האַנד.

שטופּ

פרעגט מען ביי מיר. דער פּסוק זאָגט: עת לעשות לאדני הפרו תורתך. אז עס איז דאָ וואָס צו טאָן — א מצוה, הייסט דאָס — לעגט מען אַן א זייט די תורה. נו, טו וואָס איז די מצוה? (בער־מאַן וואַרפט א בליק אויף פלינק'ען מיט'ן קעלנער.) אַלראַיט, איך פערשטעה.

פלינק

ברודער שמעלקע, מיר האַלטען זיך אַן א זייט. וואָלט געגעבען א מטבע, וואָלט איך, צו וויסען וואָס מאָרגען וועט זיין... זינט איך לעב, זינט איך שטעה אויף מיינע פיס... (ער געהט, שמעלקע איהם נאָך) האָב איך אזוינס ניט געזעהן. (אָב.)

בערמאַן

דאָס געהען זיי אוועק בכיון, כדי אז מיר זאָלען קענען זיין אליין.

שטופּ

נו, און די? (ווייזט אויף די שאַכשפּיעלער.)

בערמאַן

איבער זיי קענט איהר פאָרען מיט א וואַגען ציגעל און זיי וועלען ניט הערן. איצט, צו ביזנעס! ווען האָט קרויזקאָפּ גע־זאָגט, אז ער וועט אהער קומען?

שטופּ

ער דאַרף דאָ זיין באַלד, זעהר באַלד. וואָס איז אייער „פּלען אָוו קעמפּיין" ,ווי מי זאָגט דאָ?

בערמאַן

גלויבט מיר, פריינד שטופּ, איך ווייס ניט. איהם זאָגען דעם אמת, אז איך האָב מורא געהאַט, ער וועט בעגעהן זעלבסטמאָרד,

איז שווער. אויב מיר האָט זיך דאָס בלויז אָבגעדאַכט, וועט עס איהם שטאַרק בעליידיגען. זאָג איך איהם דאָס ניט, וועט ער פאַלש אויסטייטשען סאָפיע'ס צוריקקומען. ביי אַזאַ פרויענהאַסער ווי ער קען אויפקומען דער געדאַנק, אַז דער גאַנצער עסק איז געווען אַן אָנשטעל, און מען האָט איהם אריינגענאַרט כלומרשט אין א פיקטיווע הייראַטה... איבערהויפט אַזוי ווי אויף קלאָר האָט מען איהם ניט געזאָגט צוליעב וואָס סאָפיע האָט געוואָלט אוועג־פאָהרען...

שטופּ

„האָט געוועלט אוועגפאָהרען"? און איצט, אַשטייגער, וויל זי ניט? האָט ווירקליך חרטה געהאַט? איי־איי־איי!

בערמאַן

זעהט אַזוי אויס.

שטופּ

הייסט דאָס, אַז זי איהם — אויך?...

בערמאַן

אפשר נאָך מעהר...

שטופּ

טו וואו איז דער אָבהאַלט? וואָלט דאָך טאַקע געווען א סקאַנדאַל! אַזאַ פרוי ווי סאָפיע וואָלט איהם נאָך געשטעלט אויף די פיס... אַזעלכער ווי ער, אַזאַ גייסטיג־קראַנקער מענש ווי ער...

בערמאַן

קען דורך איהר גענעזען ווערען, אָבער...

שטופּ

יע, אָבער...

בערמאַן

שרעקליך פערפּלאָנטערט איז די זאַך. לאָמיר זאָגען, זי זאָגט זיך אָב פון איהרע פּלענער... זי בלייבט דאָ, איז די פראַגע, אפשר ליעבט ער נאָך עד־היום אין אמת'ען ניט איהר, נור טאַקע זיין ערסטע?

שטופּ

ווי זאָגט דער טייטש? ער...

בערמאַן

לאָזט דעם טייטש צורוה, ליעבער שטופּ. די זאַך איז זעהר, זעהר ערנסט. אפילו סאָפּיע, וועלכע איז שטענדיג שנעל אין פּאַסען א בעשלום איז איצט אַזוי ווי צוטומעלט. (דער זינגענדיגער שאַך־שפּיעלער זינגט אַרויס „ויש לישב בדוחק!") ער האָט, ווי עס שיינט, אויך א פערפּלאָנטערטען פּראָבלעם פּאַנאַנדערצונעהמען.

שטופּ

וואָס־זשע טוען מיר?

בערמאַן

דאָס איינציגע וואָס מען קען טאָן אין א שווערע לאַגע... אָבוואַרטען און... קרויזקאָפּ קומט.

## צווייטערשיינונג

קרויזקאָפּ צו די פריהערדיגע.

בערמאַן

זעץ דיך, קרויזקאָפּ! שטופּ, קרויזקאָפּ און איך האָבען נעכטען געטרונקען ברודערשאַפּט... מיר זיינען איצט פּער דו...

שטופּ

מחותנים... זייט איהר... (כאַפּט זיך, אַז ער האָט זיך אויסגערעדט א נאַרישקייט און מאַכט אַ שעפּסענע מיענע.)

קרויזקאָפּ

מחותנים? שעהנע מחותנים! זאָגט, פריינד שטופּ, איהר לאַכט נים פון אייער אַלטען פריינד, דעם גרויסען בריה, דעם העלד דעם געפּאַנצערטען, וואָס האָט זיך געהאַלטען אַזוי זיכער... וואָס האָט געהאַלטען זיין הארץ פאַר א מין...

שטופּ

גיבראַלטאַר...

קרויזקאָפּ

ריכטיג. איהר האָט געפונען דאָס ריכטיגע וואָרט...

שטופּ

(פערבויגט זיך, האַלב אין שפּאַס) אַ דאַנק אייך...

קרויזקאָפּ

וואָס האָט כמעט צעהן יאָהר... אָבער לאָז זיין.

שטופּ

וואָס איז דאָס פאַר אַ טהעמאַ: „פילאַנטראָפּען און פּרייהייט“, איבער וועלכער איהר לעקטשורט היינט אָוועַנד?

קרויזקאָפּ

האָב דעם פּאָרטראַג צוגעזאָגט מיט אַ חדש צוריק... ווער האָט געקענט פאָראויסזעהן מיין איצטיגע לאַגע? וואָס איז שייך צו דעם פּאָרטראַג גופא וועט איהר שוין מוזען זיך מטריח זיין קומען איהם הערען, אויב איהר ווילט וועגען איהם עפּעס וויסען.

בערמאַן

ווייסטו, קרויזקאָפּ, סאַפּיען האָסטו אייגענטליך האַלב בעזיעגט מיט דיין פּאָרטראַג יענעם טאָג ווען איך בין צו דיר געקומען מיט׳ן שידוך...

קרויזקאָפּ

האָב דאַמאַלס ניט שלעכט גערעט. האָט איהר ניט געפעהלט אידישקייט אין מיין רעדע?

בערמאַן

אפשר. אָבער געטריי צו איהר געשלעכט, האָט זי בעמערקט, אַז פון דער פּלאַטפאָרמע מאַכסטו פערזענליך אַ גוטען איינדרוק.

איין שאַך־שפּיעלער

אַלאַ וועל איך זאָגען אַז וואָס? (ענדיגט דעם ניגון אָהן ווערטער; דער אַנדערער טוט אַ שפּיי און פערטיעפט זיך צוריק אין שפּיעל. — שמעלקע געהט איצט כסדר אַריין און אַרויס, ניט שטערענדיג. — בערמאַן הויבט זיך אויף.)

קרויזקאָפּ

געהסט אַוועק?

בערמאַן

ניין. איך גײה נור אויף אַ ווײַלע אַרויס. קום אין אַן אויגענבליק צוריק. (אָב.)

שטופּ

הייסט עס, היינט אַבענד וועלען מיר הערען וואָס איהר צו זאָגען וועגען פילאַנטראָפּען און — אַ קאָמישער צוזאַמענהאַנג, ניין? — און פרייהייט.

קרויזקאָפּ

אַ סך זאַכען קומען אונז פאָר קאָמיש, ווען מיר פערשטעהען זיי ניט. דאָס בעטייט, פערשטעהט זיך, ניט, אַז איך וועל דאָס אַלץ זיכער מאַכען פערשטענדליך. מיר וועלען זעהן. אָט איז בערמאַן צוריק...

בערמאַן

שטופּ, מיין פריינד, עס איז נאָר וואָס בעשלאָסען געוואָרען.

שטופּ

איהר זעהט אויס אַזוי... בעשלאָסען געוואָרען? וואָס? ביי וועמען?

בערמאַן

ביי אונז. צו געהן מיט'ן אמת, ווי עס פּאַסט פאַר אַנשטענדיגע מענשען.

קרויזקאָפּ

איז דאָס שייך צו מיר?

בערמאַן

יאָ, מיין פריינד, צו דיר. סאָפיע פאָהרט דערווייל נאָך ניט קיין רוסלאַנד.

קרויזקאָפּ

(בלאַס) וואָס האָט דאָס צו בעדייטען?

בערמאַן

יענעם אַבענד, דו געדענקסט, מיטוואָך אבענד, האָט זיך מיר גע־דוכט, אַז זי האָט ניט געדאַרפט אַוועקפאָהרען איידער זי קומט

צו א פערשטענדיגונג מיט דיר. האָב איהר טעלעגראַפירט קיין ראַטערדאַם אז זי זאָל צוריקקומען.

קרויזקאָפּ

צו'וואָס צוריקקומען?

בערמאַן

זיך מיט דיר דורכצורעדען.

קרויזקאָפּ

האָט זי האָך שוין געדאַרפט זיין צוריקגעקומען...

בערמאַן

זי איז דאָ. זי קומט באַלד אַרונטער...

קרויזקאָפּ

(כאַפּט די היטעל און וויל געהן) בערמאַן, דעם קלאַפּ האָב איך ניט ערוואַרטעט...

בערמאַן

(האַלט איהם צוריק) הער איין וואָרט. דו טאָרסט ניט אַוועקגעהן! ביי דיר קען זיך יאָווען א חשד, וועלכער וואָלט דיך אַליין מעהר בעליידיגען ווי סאָפיען... עס מוז אַלץ אויפגעקלערט ווערן. פערנינפטיגע, אינטעליגענטע מענשען מוזען האַנדלען ווי עס פּאַסט פאַר זיי. האָב דעם קוראַזש אַפילו צו ליידען נאָך א ביסעל אויב עס זאָל נויטיג זיין.

קרויקזאָפּ

וועט דאָס גאָר קיינמאָל קיין סוף ניט נעהמען?

בערמאַן

היינט, היינט! אָבער פערשטעהען מוזט איהר איינער דעם אַנדערן... זי טאָר ניט אַוועגפאָהרען איידער... אָט איז זי...

## דריטע ערשיינונג

סאָפיע צו די פריהערדיגע.

קרויזקאָפּ

(זעהר בלייך און צוטומעלט) מיס בערמאַן! (ער געהט לאַנגזאַם צו

איהר צו און גיט איהר די האַנד. זי האַלט אַ ווײַלע איהר האַנד אין זײַנע און בליקט איהם אַרײַן גלײַך אין פּנים מיט אַן אַנגענעהמען שמײכעל.)

שפרה

פרײַנט — האַ?

קרויזקאָפּ

(קאָנפוז) איך גלויב אַזוי...

שפרה

מיט אײַך, פרײַנד שטופּ, האָבען מיר זיך שוין געזעהן... נאַאום, בעשטעל עפּעס. מר. קרויזקאָפּ, מיר איז בעשערט צום צווייטען מאָל אין צוויי וואָכען צו וואוינען אין אײַערן אַ צימער.

קרויזקאָפּ

אַה, איהר זײַט...?

שפרה

אויבען, אין אײַער צימער, דעם צימער, וואָס איז געוועזען אײַערער. (בערמאַן ווינקט צו שמעלקען, יענער קומט און ער גיט איהם זײַן אָרדער.)

קרויזקאָפּ

קײַן רוסלאַנד פאָהרט... איהר ניט? נ...נאָך ניט?

שפרה

האָב בעשלאָסען ניט צו פאָהרען ביז איך... (שטופּ הויבט זיך אויף און וויל געהן.) בלײַבט, העררר שטופּ, איך האָב פאַר אײַך קײַן סודות ניט... (ער זעצט זיך צוריק.) איך זאָג: איך בלײַב דאָ ביז מיר ביידע װעלען זיך בעסער פערשטעהן... איהר מוזט זײַן מײַן פרײַנד...

קרויזקאָפּ

וואָס קען אײַך טויגען מײַן פרײַנדשאַפט?

שפרה

איך זוך ניט קײַן נוץ... אמת, איך בין אַ אידיש קינד, אָבער (שמײכעלט) עם זײַנען דאָך ביי אונז אויך דאָ אַלערלײ... (די שאַכשפּיעלער הויבען זיך אויף, בעצאָהלען און געהען אַרוים.)

שטוף

(האסטיג) איהר וועט מיר ענטשולדיגען. איך מוז אייך אונטער־ברעכען... איהר ווייסט ניט, ווי גליקליך איך בין אייך ביידען צו זעהן רעדענדיג פריינדליך... אָבער, הערט! מיר געפעלט ניט איינער פון די וואָס זיינען אָקאָרשט ארויסגעגאנגען, מיר געפעלט ניט זייען פנים, זיין קוק...

בערמאַן

מיינט איהר דעם וואָס לערנט גמרא מיט'ן בישאָף, אָדער דעם וואָס שפּאַייט אוים פאר'ן קעניג?...

שטוף

שעהן אריינגעזאָגט! זעהר שעהן! גאָר גאָר שעהן, אָבער... איך בין זיכער, אז דער גמרא־ניגון־זינגער איז א שפּיאָן! דאָס טוט ער זיך, כלומרשט, אריין אין שאך מיט אלע חושים, אָבער ער האָרכט און קוקט ארוים פון א ווינקעלע פון אויג... איך קען די שווארצע קאָמאנדע. איך געה איהם נאָך. (כאַפּט זיין הוט און געהט האַסטיג ארוים.)

שפרה

אונזער פריינד איז, מיט אלע זיינע חסרונות, איינער פון די בעסטע מענשען וואָס איך קען. איהר דארפט וויסען, מר. קרויזקאָפּ, אז זיין מאַניע צו זוכען שפּיאָנען איז טאקע אלעמאָל געווען גרוים, אָבער זי איז איצט ניט דאָס וואָס אלעמאָל. איצט דוכט זיך איהם, אז די רוסישע רעגיערונג האָט האָטש א קליינע ארמעע פון שפּיאָנען ארום מיר אליין.

קרויזקאָפּ

איך קען איהם שוין פון לאנג. מים בערמאַן, מיר וואָלט זיך וועלען אביסעלע מעהר וויסען וועגען אייער אידישקייט. מיר דוכט, אז איהר זייט אויף א פאלשען וועג, אָבער איך הויב אָן אייך צו פערשטעהן. אייער שטאנדפּונקט איז יעדענפאלס אן אינטערע־סאנטער און פאר מיר, איך מוז זיך מודה זיין, א נייער.

שפרה

אויב מיר וועט זיך איינגעבען אייך אויסצוקורירען אין אנדערע

הינזיכטען... וועל איך אייך אויך אויסקורירען פון אייער קאמישען נאציאנאלען שטאנדפונקט... (שמעלקע ברענגט אריין טיי און געהט ארויס.)

קרויזקאפ

(שמייכעלט) איהר שיינט מיך צו נעהמען אויף זיכער. וואס הייסט איהר וועט מיך אויסקורירען?

שפרה

יא, איך בין ענטשלאסען אייך אויסצוקורירען. איך האב אייך געזאגט איידער איך בין אוועקגעפאהרען אז אייער אומגליק איז געווען אין אל' די יאהרען, וואס איהר האט געהאט לויטער קלוגע מאנסבילען ארום זיך. איך זעה איצט, אז איהר דארפט מיך און איך וועל אייך אריינגעהמען אין די הענט... (טוט א לאך.)

קרויזקאפ

(ערשטוינט) איהר קענט ניט זיין אין ערנסט... איהר מיינט דאך ניט אין אמת'ען צו מאכען געברויך פון אונזער בלומרשט'דיגע חתונה...

שפרה

אה, ניין! אמת, איהר זייט מיר זעהר, זעהר טייער גע...געווארען און איך פיהל, אז איהר זייט צו מיר אויך ניט גלייכגילטיג... סוויעטסקע דאמען זאגען אזעלכע זאכען ניט, אבער איך בין ניט קיין סוויעטסקע דאמע; אבער ,ליעבער פריינד, איך בין צו שטאלץ צו קארמענען זיך מיט שאיריים, אפילו פון דעם רייכסטען טיש... אויב איהר און איך זאלען ווען ניט איז ווערן גאנץ אינטים איינער מיט דעם אנדערן, מוזען מיר ביידע פריהער פאר אלץ זיין פריי, איך איינער דעם אנדערן צו געבען...

קרויזקאפ

ווייסט איהר, איהר זייט א וואונדערבארע יונגע פרוי: אזעלכע האב איך ביז איצט נאך ניט געזעהן, אפשר, ווייל איך בין ניט קיין רוסישער...

שפרה

איד. טוט מיר א טובה און זאגט: רוסישער איד.

קרויזקאָפּ

רוסישער איד, אויב אייך איז דאָס אנגענעהמער... אָבער לאָמיך אייך ריכטיג פערשטעהן. איהר מיינט, אלזאָ, אז איהר וואָלט זיך מיט מיר אין אמת'ען ניט פערהייראַטהען ביז איהר וואָלט ניט זיין איבערצייגט, אז מיין ערסטע ליעבע איז טויט...

שפרה

יא, אָבער איך מיין נאָך מעהר, איך וויל האָבען דעם גאַנצען (יוליוס — מעג איך זאָגען: יודעל? —) קרויזקאָפּ, און ניט א העלפט, אפילו ניט דריי פערטעל פון איהם, ווי איך וואָלט איהם קריגען איצט. איהר זייט איצט א האַלבער מענש, העכסטענס, דריי־פערטעל מענש, ווייל איהר זייט קראַנק. שפּעטער, קען געמאָלט זיין, וועט דער גאַנצער קרויזקאָפּ חרטה האָבען אויפ'ן שידוך וואָס דער האַלבער קרויזקאָפּ וואָלט איצט טאָן... איהר מוזט צוערסט זיין געזונד, זיין איהר אליין, זיין דער גאַנצער מאַן איידער מיר רעדען ווייטער.

בערמאַן

סאָניא, דו איבערראַשסט מיך...

שפרה

לאָז דיינע קאָמפּלימענטען אויף שפּעטער. איך האָב נאָך עטליכע ווערטער צו זאָגען: הערט, ליעבער פריינד, ווען איך זאָל היינ־טיגען טאָג מיט אייך הייראַטהען, וואָלט איך מיט איך ניט זיין גליקליך; איך וואָלט שטענדיג מיינען, אז איהר האָט מיך גענומען ווענינער, ווייל איהר האָט מיך אמת געליעבט (קרויזקאָפּ ווערט רויט) נור ווייל איהר האָט זיך גענויטיגט אין א שוועסטער פון באַרמ־הערציגקייט, אין א בקור־חולים ווערטערין... דאָס וואָלט מיר פער־ביטערען מיין לעבען. איך — איך (זי נעהמט אָן זיין האַנד, וועלכע ער דערלאַנגט איהר אינסטינקטיוו) וויל אַלץ פון דעם, וואָס נעהמט מיך אין גאַנצען...

בערמאַן

שטופּ געהט...

קרויזקאָפּ

(צוטומעלט) נו... און... אייער רייזע... אייער... (לאָזט אַרויס איהר האַנד.)

## פּיערטע ערשיינונג

שטופּ צו די פריהערדיגע

שטופּ

זיכער, ווי איהר זעהט מיך אַ לעבעדיגען! דער מאַן מיט'ן גמרא־ניגון איז אַ רוסישער שפּיאָן... ערסטענס...

בערמאַן

ענטשולדיגט, פריינד שטופּ, איהר וועט דאָס אונז שפּעטער בעוויי־זען אויב איהר וועט וועלען.

שטופּ

וואָס הייסט שפּעטער? אָט קלייבט זיך מיס בערמאַן... סאיידען... האַ? קלייבט זיך צו פאָהרען קיין רוסלאַנד, און דאָ אַרום אונז דרעהט זיך אַרום אַ שפּיאָן... באשר איהר ווייסט ניט. לאָזט מיר, וועל איך אייך בעווייזען... און ווי נאָך בעווייזען! בעווייזען פערשט...

בערמאַן

לעגט דאָס אָב אויף שפּעטער, ליעבער שטופּ. איבערהויפּט ווייל סאָניא פאָהרט איצט ניט...

שטופּ

(קוקט אָן שפרה'ן און קרויזקאָפּ'ען, און זיין פּנים הויבט אָן צו שטראַה־לען) דאַרף מען גראַטולירען?

שפרה

(לאַכט) איהר מעגט דאָס א ו י ך אָבלעגען.

קרויזקאָפּ

(צו שפרה'ן) איהר האָט מיר נאָך ניט געענטפערט וועגען אייער רייזע...

שפרה

צוליעב „קאָנספּיראַטיווע גרינדע" (שמייכעלט), ווי מיר זאָגען, טאָר איך פיעל וועגען דעם ניט רעדען. יעדענפאַלס ניט איצט. אָבער חוץ אַלעמען... בין איך דאָך עפּעס אַ אידיש קינד היינט, און אפשר ווייסט איהר ניט, קרויזקאָפּ, ביי אונז אידען איז דאָ אַן אַלטער ווערטעל: ווער עס ראַטעוועט איין אידישע זעעלע איז אַזוי גרוים ווי איינער וואָס ראַטעוועט אַ וועלט. איך קען דאָס ניט איבער־זאָגען אויף העברעאיש. אפשר קען דאָס פריינד שטופּ?

שטופּ

ניין. עפּעס געדענקט זיך אַזאַ ווערטעל: כל המקיים... איהר ווייסט, איך בין דאָך אמאָל געווען אַ למדן, אַ גרויסער למדן...

שפרה

מאַכט ניט אוים. קרויזקאָפּ פערשטעהט מיך.

קרויזקאָפּ

אָבער... לאָמיר אויף אַ ווײַלע פערגעסען אָן זיך אַליין, דאָ איז גלאַט ניט דער אָרט צו רעדען (פון יענער זייט צימער דערזעהט זיך שמעלקע) וועגען אינטימע זאַכען... (צו שפרה'ן) גלויבט איהר ניט, אַז אייער אידישקייט ברענגט אייך אין גאַנצען אַרויס פון דער אינטערנאַציאָנאַלער בעוועגונג?

שפרה

ניין, מיין פריינד! אייער פראַגע בעווייזט, ווי ווייניג איהר, אפילו איהר, האָט וועגען דעם נאָכגעדענקט. פאַרוואָס זאָל מיין אי־דישקייט מיר מעהר שטערען צו זיין אינטערנאַציאָנאַל ווי ליעב־קנעכט'ן שטערט זיין דייטשישקייט, אָדער לאַפאַרג'ען זיין פראַנ־צויזישקייט...?

בערמאַן

ליעבקנעכט און לאַפאַרג זיינען אין אַ גאַנץ אַנדער לאַגע ווי מיר, סאָניטשקאַ! אָבער לאָז זיין... איך פיהל אַז מיר וועלען זיך צוקריגען אַזוי גיך ווי מיר געהען אריין טיעפער אין דיעזען סכסוך.

שפרה

דו פיהלסט נאָך־וואָס, נאַאום סעמיאָנאָוויטש בערמאַן! דו פיהלסט

אז דו האָסט ניט קיין אַרגומענטען געגען מיר און מיט אַ שטעכ־ווערטעל קומט מען היינט ניט אָב. די צרה מיט אייך מאַנסבילען איז, וואָס איהר האַלט אפילו ניט פאַר נויטיג מיט אונז ווייבער ערנסט צו דעבאַטירען. זאָגען מיר וואָס, וואָס אייך געפעלט ניט, ענטפערט איהר מיט אַ לאַך, מיט אַ וויטץ, אָדער איהר ענטפערט גאָר ניט. ווי קומט איהר, העכערע וועזענס, אייך אַראָבצולאָזען צו אַ דעבאַטע מיט אַזאַ ניעדריגע, גייסטיג־ניעדריגע זאַך ווי אַ פרויענצימער? אפילו ווען איהר ליעבט אונז דיסקוטירט איהר מיט אונז ניט ערנסט קיין שום זאַך, ווי מיר דיסקוטירען ניט געגען דעם ביל פון דעם הינטעל, דעם געליעבטען, וואָס מיר האַלטען אין שוים.

בערמאַן

לאָמיר דאָס לאָזען...

שפרה

דו זעהסט! אָט אָט! קוים געפינסטו זיך אין אַ לאַגע צו דאַר־פען ענטפערן אויף מיינע טענות קומסטו גלייך מיט'ן אַלטען בעקאַנ־טען „לאָמיר דאָס לאָזען"... אַ מאַנסביל וואָלסטו שוין געענטפערט, לכל הפחות, געפּרובט ענטפערן.

בערמאַן

(לאַכענדיג) היינט ביזטו עקסטרא שטאַרק. קרויזקאָפּ, שיינט מיר, הויבט אָן צו קוויינקלען אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע און געהט אפשר גאָר איבער אויף דיין זייט...

שפרה

ער וועט קומען אויף מיין זייט ניט אַזוי גיך. אַ מאַן, ווי קרויזקאָפּ, געהט ניט איבער אויף אַן אַנדער שטאַנדפּונקט כדי אימעצען צו געפעלען... אַזוי דיר נישט, מיר נישט...

קרויזקאָפּ

(גיט איהר די האַנד) אַ דאַנק אייך, סאָפיע!

שטופּ

(צופרידען) סאָ... הערסטו!

שפרה

(לאַכענדיג) זעהסט, נאַאום! ער איז נאָך אפילו ניט איד גענוג מיך צו רופען „שפרה" און דערפאַר גראַד אַכט איך איהם... אַבער, קינדער, איך דאַרף קיינעמ'ס שוץ ניט. אפשר געגען רויבער אין אַ שטילע געסעל וועט מיך אַ פּיזיש־שטאַרקערער מאַן אַמאָל דאַר־פען בעשיצען... אין אַן ארגומענט שטעה איך אויף מיינע אייגענע פיס. איך וועל מיין מיינונג, קיינעם צוליעב, ניט אונטערדריקען. (צו קרויזקאָפּ'ען) אַזוי ווייט וועט מיין פריינדשאַפט פאַר אייך קיינמאָל, קיינמאָל ניט געהן!... נאַאום, אַלעמענס טיי איז קאַלט געוואָרען... מיר איז טרוקען אין האַלז... האָב היינט אַרויסגערעדט מיינע ניין מאָס רייד, אין גאַנצען.

בערמאַן

בעשטעלען פרישע טיי?

שטופּ

ביי לייטען וואָלט מען ביי אַזאַ געלעגענהייט, ביי אַזאַ פייערליכע געלעגענהייט, געטרונקען עפּיס, וואָס איז שטאַרקער ווי טיי...

קרויזקאָפּ

וואָס זאָגט איהר דערצו, סאָפיע?

שפרה

איך וועל ניט טרינקען... טרינקט איהר, אויב איהר ווילט.

בערמאַן

מר. שמעלקע! האָט איהר אַ פלעשעלע גוטע קלערעט?

שמעלקע

אמת'ע באָרדאָ!

בערמאַן

דערלאַנגט!

קרויזקאָפּ

סאָפיע...

שפרה

וואָס זאָגט איהר?

קרויזקאָפּ

איהר וועט מיט מיר טרינקען אַ גלאָז, אויף אונזער נייע פריינד־שאַפט... מיט נאַאומען זיינען מיר אַזוי געוואָרען פער דו.

שפרה

ניין, מיין פריינד, אויב מיר זאָלען געהן אין אונזער פריינדשאַפט אַ שריט ווייטער, מוזען מיר דאָס טאָן ניכטערערהייד.

קרויזקאָפּ

סאָפּיע... היינט אָוועגד וועל איך רעדען פאַר הונדערטער מענשען... איצט האָב איך קיין ווערטער ניט.

שפרה

מען דאַרף זיי ניט, יוליוס!

שמעלקע

(מיט אַ טאַץ אין האַנד, אויף איהם עטליכע פלאַשען) איז דאָס אַלעס?

בערמאַן

דערווייל! מיר וועלען שפּעטער אַ ווײַלע ביי אייך עסען.

שפרה

מיר ברענגט אַ גלאָז טיי, זייט אַזוי גוט.

שמעלקע

מיט פערגעניגען! (אָב.)

קרויזקאָפּ

סאָפּיע... ווען נאַאום האָט אייך טעלעגראַפירט צו קומען...

שפרה

יע, יע!

קרויזקאָפּ

און איהר זייט געווען ענטשלאָסען צו פאָהרען אין רוסלאַנד...

שפרה

זיך אַריינצו׳וואַרפען אין די בעוועגונג, אָבער אויף אַ גאַנץ נייעם אופן, יוליוס...

קרויזקאָפּ

האָט אייך ניט לייד געטאָן צוריק צו קומען קיין לאָנדאָן?

שפרה

ניין! מיר איז שווער געווען דער אוועקפאָהרען... פון לאָנדאָן... און איך האָב געוואַרט, ביז דער לעצטער מינוט, געוואַרט און געהאָפט, אַז... אַז דו (דערלאַנגט איהם געלאָסען די האַנד) וועסט קומען מיר זאָגען: „גוד באַי!“

קרויזקאָפּ

און (איהר דריקענדיג די האַנד) דו ביסט גערן צו מיר צוריקגעקומען... צו מיר?

שפרה

צו דיר, צו דיר...

קרויזקאָפּ

און איך מעג האָפען...

שפרה

מיר וועלען ביידע האָפען.

בערמאַן

(צו שטופּ'ען) לחיים, ברודער שטופּ! (צו שפרה'ן און קרויזקאָפּ'ען) לחיים, קינדער!

שפרה און קרויזקאָפּ

(האַנד־אין־האַנד) לחיים, נאָאום!

פאָרהאַנג.

# דער מזרח ווינד

א קאמעדיע אין איין אקט.

(סיוזשעט פון אן ענגלישע סקיצע.)

## פערזאנען:

**וואלטער גוטמאן**, א באיהרענטער טעאטער־דירעקטאר, א פארטראכטער, גוטהארציגער מאן.

**קלארא מילדהערין**, א יונגע אלמנה, 25 יאהר אלט, גוטמאנ'ס טאכטער.

**הירש ברוינשטיין**, זיין סעקרעטער, א געזעצטער, רוהיגער מאן אין די מיטעלע יאהרען; קורצזיכטיג.

**אלבערט גרינבערג**, א יונגער שרייבער, 26 יאהר אלט, געפיהלפול, געלאסען און בשת־פנים'דיג.

**מיניע**, קלארא'ס מיידעלע, אלט א יאהר 6.

**הענעלע**, א מיידעל אין הויז, זויבער און עדעל אין רעדען און בענעהמען־זיך.

צייט — די געגענווארט.

ארט — ניו יארק.

די סצענע שטעלט פאר א געשמאקפול אויסגעפוצטען עס־צימער אין גוטמאנ'ס הויז. — אויף די ווענט לינקס און רעכטס פארטרעטען און בילדער. — אין איין ווינקעל א ביכער־שראנק, אין דעם אנדערען א באמבו־געשטעל מיט אלערליי בריק־א־בראק. — אין הינטער־גרונד אן אפענגעשפאנטע טיר, דורך וועלכע עס זעהט זיך א פאדערצימער. — אין מיטען א לענגליכער אוואל־פארמיגער טיש, געגרייט צום פריהשטיק. — ארום איהם פיער שטוהלען און א פאטער־שטוהל. — פון יענער זייט טיר, לינקס, א וואנד־טעלעפאן, איין זייט פון וועלכען, מיט דעם דירעקטארי ביי איהם, מען קען זעהן).

## ערשטע ערשיינונג.

### הענעלע און גרינבערג.

**הענעלע**

ניין, זאג איך אייך! איהר האט קיין שום טעות ניט; מיסטער גוטמאן האט נעכטען פון אווענד בעקומען אייער בריעף און האט מיר געזאגט איך זאל אייך עמפפאנגען אינ'ם עס־צימער, ניט אין זיין קאבינעט. גיט מיר אייער הוט און שטעקען, הערר גרינבערג.

**גרינבערג**

אבער ער קען דאך מיך גאר ניט. אפשר האט ער פערגעסען, אז איך קום צוליעב געשעפט, ניט מיט א וויזיט. מען זאגט, ער איז זעהר א צוטראגענער מענש... וואס איך מיין איז... איז...

**הענעלע**

(שמייכלענדיג): אה, איהם דארף מען קענען: ער איז א דימענטער־נער מענש, ער וועט זיכער וועלען איהר זאלט מיט איהם פריה־שטיקען. ער האט מיר געהייסען לעגען אן עקסטרא סערוויעטקע. איצט זעצט זיך. וועל אייך דא לאזען אויף עטליכע מינוטען אליין. זיין סעקרעטער, הערר ברוינשטיין, דארף אייך דורך מיר עפעס א העפט צושיקען. אט, בלעטערט דערווייל אין דיעזען אלבום: מאראם מילדהעריץ'ס אלבום; איהר וועט דארטען געפינען א באקאנטען. (זי שמייכעלט און דערלאנגט עס איהם; וויל ארויסגעהן, גרינבערג מאכט א באוועגונג און זי בלייבט שטעהן אין טיר.)

**גרינבערג**

דאנק אייך. (ער בלעטערט אינ'ם אלבום) נאך דער פיעסע... דאס איז דער לעצטער אקט פון דער פיעסע, וואס איך דארף איהם פארלעזען.... (ערמישט אויף א בלאט אינ'ם בילדער־בוך מיט זיין אייגענעם פארטרעט און ווערט רויט) נאך דער פיעסע... דארפט איהר ניט געהן; ביז מיר... ביז מיר וועלען האלטען אזוי ווייט וועט הערר ברוינשטיין שוין דא אליין זיין. אזוי פערשטעהט איך פון

זיין בריעף. ער האָט מן הסתם געקלערט, אז מיר וועלען אנהויבען לעזען פיעל פריהער. — איז פרוי מילדהערץ שוין לאנג אן אלמנה?

### הענעלע

שוין אַ יאָהר זעקס, דאכט זיך.

### גרינבערג

און... איך געדענק שוין ניט וואס איך האָב געוואָלט זאָגען.

### הענעלע

(מיט אַ גנבה'שען שמייכעל): ניין, זי וויל ניט הערען פון חתונה האָבען אַ צווייטען מאָל. אפשר וועט זי אמאָל ענדערען איהר מיינונג... דערווייל... נו, האָב איהר אַ גוטער יאָהר.

### גרינבערג

(רעדענדיג כמעט ווי צו זיך אַליין): מיר זיינען מיט איהר אַלטע, גוטע פריינט... איהר פאָטער קען איך — ווער קען איהם ניט? — אָבער ער מיך קען וואהרשיינליך גאָר ניט, סאַיידען קלארא... איך מיין, מאדאם מילדהערץ, האָט מיט איהם אמאָל וועגען מיר גע־רעדט.

### הענעלע

אויב אַזוי, האָט ער אָן איך שוין לאנג פערגעסען. דורך איין אויער אריין, דורך דעם אנדערען ארויס. אַ קלייניגקייט וואס ער האָט אויף זיין מח!

### גרינבערג

נו, מיין פריינד גליקמאַנ'ס רעקאָמענדאציע איז גענוג, ווי איך זעה. פאר דעם פריינדליכען עמפפאנג האָב איך איהם צו דאנקען. (וויעדער האַלב פאַר זיך) אגב האָט דערווייל שוין הערר ברוינשטיין כמעט אין גאַנצען דורכגעלעזען מיין פיעסע... אויב זי זאָל איהם אַליין געפעלען איז מיין גליק און מיין נאָמען אזוי גוט ווי געמאַכט... (ער ווארפט אַ בליק אויפ'ן אַלבום) יא, אזוי גוט ווי געמאכט, לכל הפחות דער נאָמען... איי, אַ נאָמען, אַ נאָמען! מענשען פערברענ־

נען יאָהרען און טעג זיך סטארענדיג צו מאַכען זיך א נאָמען... שרייבען איין פּיעסע נאָך דער אַנדערער... אַלע געהען זיי צו די טעאטער־דירעקטאָרען, ווערען פערלעגען ערגעץ אין א שובלאָד גאַנ־צע זעקס חדשים, אַמאָל א יאָהר און קומען צוריק ניט געלעזענע... איך וועל וויסען מיין גזר־דין היינט, אפשר אין א שעה אַרום. דאַרף איהם נור פאַרלעזען און ווייס גלייך וואו איך בין אין דער וועלט. געהמט ער עס אָן, בין איך א געמאַכטער מענש. עפּעס א קליינינגקייט ווען דער גרויסער בעליעבטער גוטמאַן שפּיעלט מיין פּיעסע! טאָמער אָבער ניט, וועל איך, לכל הפּחות, וויסען... שש...! דאַכט זיך, ער געהט!

## צווייטע ערשיינונג.

### אַלבערט גרינבערג און וואָלטער גוטמאַן.

**גוטמאַן**

(דערלאַנגענדיג דעם יונגען מאַן א ברייטען שלום־עליכם): גוט מאָר־גען הערר... הערר גרינבערג! ווארט שוין לאַנג? טוט מיר הערצליך לייד... אסור ניט מיין נאַטור... האָב א שם פאַר דעם פּינקטליכסטען מאַן אין שטאָדט... אין מיין טרופּע רעגוליר איך אַלע זייגערס: גוטמאַן, צו דער רעפּעטיציע — ווייס מען שוין איז 12 א זייגער! אָה, יע, ד׳ מעג דאָס זאָגען אָהן בעריהמעריי... זעצט זיך, יונגערמאַן. אָהן צערעמאָניעס, גליקמאַנ׳ס פריינד איז מ י י ן פריינד! זעצט זיך, אָט אזוי! לעגט אוועק דעם פּעקעל... אהא, איך פערשטעה, דאָס איז אייער פּיעסע! זעהר גוט! מיר וועלען גלייך אויפ׳ן שטעל זיך נעהמען צו דער ארבייט. איהר זייט געוויס זעהר נייגעריג צו וויסען דעם רעזולטאַט... פאַרשטעהט זיך, פערשטעהט זיך! אַ־וואַדע!

**גרינבערג**

איך וויל נור האָבען די מעגליכקייט... די געלעגענהייט...

גוטמאַן

אַרויסצואווייזען אייער טאַלאַנט! גע־ווים, גע־ווים! דאַרפט איהר מ י ר דאָס דערצעהלען? ! אָבער וואַרט... איהר זיצט דאָ ניט בעקוועם... לאָמיך איבערשטעלען דעם טיש... דאָס ווערט ביי מיר איינס—צוויי—דריי!

גרינבערג

אַה! זייט זיך ניט מטריח, הערר גוטמאַן! איך זיץ דאָ זעהר גוט...

גוטמאַן

(האסטיג אָברוקענדיג דעם טיש): ניין, יונגער מאַן, איהר הויבט גאָר ניט אָן צו זיצען גוט... ניט אַ ברעקעל... מיר דאַרפט איהר ניט דערצעהלען וואָס זיצען הייסט... זיצען קען ניט יעדערער, געהן אויך ניט... העגרי אווירווינג האָט ניט געקענט געהן... פלעגט געהן ווי אויף שטאַלצעס... ריטשאַרד מאַנספיעלד פלעגט ניט קענען זיצען: ווי אויף שפילקעס פלעגט ער זיצען, ווי אַן אומרוה... איצט הויבט אָן צו לעזען, ווילט איהר?... און לייענט אָהן דעקלאַמאַציע און אָהן עפעקטען... איהר וועט עס סאַיי־ווי־סאַיי ניט קענען. דעם אַקצענט שטעלען מ י ר שוין. איהר גיט נור דעם טעקסט — די נאָטען זיינען שוין אונזער עסק... הויבט אָן... מיט דער רעכטער פוס אַרויס, אין אַ מזל־דיגע שעה! אָנגעהויבען! אָבער האַלט! וואָס פאַר אַ קאָפּ איך האָב! איהר האָט דאָך זיכער נאָך ניט אָנגעביסען! אַלזאָ, צוערסט פריהשטיקען! אָט איז אַ סערוויעטקע! (דאָס זאָגענדיג הויבט גוטמאַן אַליין אָן צו עסען און ער רעדט עסענדיג דורך די גאַנצע סצענע).

גרינבערג

דאַנק אייך זעהר הערצליך, הערר גוטמאַן! האָב שוין געפריהשטיקט... אַ — העם... העם... (וויל נעהמען לעזען).

גוטמאַן

טוט מיר לייד... ניט שעהן פון אייך: האָט געדאַרפט ביי מיר

אַנבייסען... איבריגענס, די צייט איז קורץ... אייך מאַכט דאָך ניט אויס וואס איך עס בעת איהר לייענט, האַ?

גרינבערג

פערקעהרט, איך וועל זיין וועניגער נערוועז.

גוטמאַן

לעזט! איך וועל אייך ניט אונטערברעכען. גיב יונגע לייט אַ שאַנס, מעג דאָס זאָגען אָהן בעריהמעריי; מיין כלל איז: לעב און לאָז לעבען... אין דעם פּרט געה איך אין דעם גרויסען מאַ־ליער׳ס וועגען... איין מינוט נאָך, הערר... הערר גרינבערג! זעהט איהר, אָט די ביידע פלעצער ביים טיש זיינען פאַר מיין טאָכטער און ברוינשטיינ׳ען, מיין סעקרעטער... ער איז צוגע־גאַנגען צום טעאטער אָבנעהמען די בריעף, וואָס זיינען אָנגעקו־מען מיט דער אין־דער־פריהעדיגער פּאָסט... קלאַרא, וויעדער, דאָס הייסט פרוי מילדהעריץ וועט באַלד אַריינקומען... זי איז ביי מיר אַ וואוילינקע... גליקליך? ניין! אין גאַנצען אַלט קנאַפּע פינף און צוואַנציג יאָהר און שוין אַן אַלמנה פון אַ יאָהר זעקס... צור־פריה חתונה געהאַט... האָט חוץ דעם געבראַכט צו דער חופּה אַ האַנד און די האַרץ געלאָזען עפּעס אַנדערסוואו... מיין אויג דער־זעהט צוגעמאַכטערהייד — מעג דאָס זאָגען אָהן בעריהמעריי.. נו, הויבט אָן! טאָמער קומט זי אריין, זי אדער ברוינשטיין, לאָזט זיך ניט שטערען... לייענט ווייטער, זיי זיינען געוואוינט דערצו... אגב האָט, פערשטעה איך, ברוינשטיין שוין אין אייער פּיעסע אַריינגעקוקט... הויבט אָן!

גרינבערג

מיין שטיק שפּיעלט...

גוטמאַן

ענטשולדיגט! ווי לאַנג, מיינט איהר, וועט דויערען דאָס לעזען?

גרינבערג

אַ קנאַפּע שעה צייט.

גוטמאַן

זעהר וואויל! אָבער איך קען אייך געבען מעהר צייט, הגם ניט זעהר פיעל מעהר. איהר האָט קיין בעגריף ניט, יונגער מאַן, ווי געצעהלט ביי מיר זיינען די מינוטען. איך האָב כמעט ניט אַ פרייע שטונדע פאַר זיך. דאָ קומט דער, דאָ יענער, דאָ אַ דריטער... מען האַלט כסדר אין איין קומען. עס פערגעהט ניט אַ טאָג וואָס אַי־מיצער זאָל ניט קומען נאָך אַ שטעלע אין מיין טרופּע. אַלע קור־מען זיי צו מיר... קיין טהעאַטער אין שטאָדט — דאָס מעג איך זאָגען אָהן בעריהמעריי — האָט ניט אַזאַ דירעקציע ווי מיינע. איך נעהם אַליין, פערזענליך, אַן אינטערעס אין אַלץ און, דער עיקר, אין די אַקטיאָרען מיינע; ווי בעשעפטיגט איך זאָל ניט זיין, נעפין איך אימער צייט זיי אויסצוהערען: קריוודעס, אידעען, פּלע־נער, פאַנטאַזיעס, האָפנונגען — וואָס אַ מויל קען רעדען.

גרינבערג

(אויפהויבענדיג העכער זיין העפט): דאָס איז אמת פריינדליך פון אייך, הערר גוטמאַן... איך...

גוטמאַן

איך האָב אַ נאַטור מיינע מיטמענשען צו העלפען. האָב קיינעם ניט אראָב די פּליגלען. די צרה איז אָבער, אַז די גרעסטע קאַ־ליעקעס שפּרינגען פון דער הויט צו ווערען שוי־שפּיעלער. דעם חילוק צווישען אַן ארטיסט און אַ פּורים־שפּיעלער פערשטעהען זיי אַזוי ווייניג ווי די קאַץ צווישען אַ טאַרט־אַלאַ־קרעם און אַ פּאַמ־פּושקע. וואָס, אַ שטיינער, שטעלט איהר זיך פאָר, הערר גרינ־בערג האָרף אַ מענש האָבען אין זיך כדי צו קענען זיין אַן אמת'ער אַקטיאָר? (גרינבערג קוקט איהם אָן אַ פערצווייפעלטער, און בלעטערט נערוועז אין זיין העפט, בעת גוטמאַן זעצט פאָרט): איהר ווייסט ניט? נו, פון וואַנען זאָלט איהר וויסען! איהר פרעגט מיך, וועל איך אייך זאָגען: איך בין אַן אַלטער היהנער־פרעסער.. (ער ציעהט זיך אויס אויפ'ן שטוהל, אויסהויבענדיג זיין ברוסט) אָט הערט מיך אויס... איהר ווילט, לאָמיר זאָגען, ווערען אַן אַקטיאָר! זעהר גוט! מהיכי

תיתי, פאר וואָס ניט? אדרבה, כן ירבו! אָבער דערצו מוזט איהר, פריהער פאר אלץ, האָבען אַ פיגור, אַ סטאַטנע פיגור, אַן אַסאָבע מוזט איהר זיין. דאַן איז זעהר וויכטיג אַ שטימע, אַ קלאַר, אנגענעהמע שטימע, אַ טענאָר אָדער אַ באַריטאָן־שטימע. חוץ דעם — אַ מח, מאכט דער טייטש, פעהיגקייטען, גרויסע פעהיגקייטען: קודם־כל אַ זכרון, דערצו אַ גרויסע השגה, דערצו מענשענקענטניס... דאַן איז נויטיג אַן אויג, אין וועלכען עס שפּיגעלט זיך אָב דער כאַראַקטער פונ'ם מענשען, אויב איהר וועט מיר ערלויבען זיך אַזוי אויסצודריקען. ועל כולם דאַרפט איהר האָבען אַ בעוועגליכען פנים, וואָס קען אָננעהמען יעדען אויסדרוק און רעפלעקטירען יעדען געפיהל פון פרייד און לייד און יעדען מין איבערראַשונג, חוץ וואָס איבער דער סצענע דאַרף מען ניט שפּרייזען ווי אַ מויז איבערן צימבעל — מאַלאָ וואָס! איך אליין האָב מיט גרויס מיה געקלעטערט אויף דעם לייטער פון דער קונסט, — געקלעטערט פון שטאַפּעל צו שטאַפּעל און — דאָס מעג איך זאָגען אָהן בעריהמעריי — די אַלע מעלות מוז יעדער האָבען וואָס וויל ווערען אַ קאָקעלען, אַ זאָנענטהאַל, אַ פריעדריך האַאַזע, אדער אַ... און אַזוי ווייטער...

גרינבערג

(זעהר קאָנפוז און רויט אין געזיכט): איך האָב מורא די פאַרלעזונג וועט נעהמען מעהר צייט ווי מיר האָבען גערעכענט...

גוטמאַן

דאָס איז אַ קלייניגקייט. האָב גלייך פון אָנהויב צוגעלעגט אַן עקסטרא האלבע שעה. ווען מען לייענט אַ פּיעסע זייגען שטענדיג דאָ זאַכען וואָס מען דאַרף בעשפּרעכען. שטענדיג! מען האַלט מיך פאַר דעם בעסטען ראַטהגעבער אין אַזעלכע זאַכען — דאָס איז אַסור בעריהמעריי — מיין קאָפּ האָט אַן אונגעוועהנליכע געשטאַלט... אָט זעהט! (ער בויגט זיך איין) דערפון קומט, וואָס מיין כח הדמיון איז אַזוי שטאַרק... איהר וועט זעהן, איך וועל אייך געבען מעהר

ווי איין ניצליכען וואונק אזוי גיך ווי איהר הויבט נור אָן צו לייענען...
אין דער פּיעסע אייערער...

גרינבערג

איהר וועט מיר, האָף איך, זאָגען דעם אמת, ניט אכטענדיג אויף מיינע געפיהלע...

גוטמאַן

פערשטעהט זיך, ליעבער יונגע, פער—שטעהט—זיך! געפעלט מיר ניט אייער פּיעסע, גיב איך אייך דאָס צו פערשטעהן אָהן הינטער־פּיסלעך און אָהן פערשטעלטע רייד. בין איך אָבער מיט איהר צופריעדען, דאַן בין איך איבערגליקליך צו קענען עפּעס טאָן פאַר מיין פריינד גליקמאַנ'ס אַ פריינד. איצט לייענט.

גרינבערג

איהר וועט, האָף איך, ניט אורטהיילען מיין פּיעסע נאָך מיין לייע־גען נאָך, ווייל איך בין אַ שלעכטער פאָרלעזער...

גוטמאַן

איהר? און ווער איז אַ גוטער? פּרעגט זיי בחרם מיט וואָס מען עסט דאָס... איהר וועט ניט געפינען — דאָס מעג איך זאָגען אָהן בעריהמעריי — אַ בעסערע אויסשפּראכע ווי מיינע, אָבער אפילו איך אליין קען ניט גוט פאָרלעזען מיינע איינענע פּיעסען!

גרינבערג

וואָס איך הער! איהר זייט אַ פּערפאַסער אויך?!

גוטמאַן

(שפּרינגט האַסטיג אויף) היער! זעהט איהר די פּיין געבונדענע ביכער אינ'ם שראַנק? דאָס זיינען מיינע מאַנוסקריפּטען, אלע געבונדענע. זעהט נור אָן די טיטלען! צי איך בין אַ פערפאַסער? ניט שלעכט, כלעבען! קוקט אהער! „דער מענשליכער עגדעם", די „רויטע האַנד", „דער מאָרדקינסטלער"! אמת, היגע מענע־

דזשערס האָבען פון דיעזע פּיעסען אַנ'אַנדער מיינונג — קנאה ! עס איז דאָ אַזאַ זאַך ווי קנאה ! — אָבער יעדער פון זיי וואָלט זיך אין מיינע ראָלען אונשטערבליך געמאַכט. עפּעס א קליינינקייט א ראָלע, וואו דער העלד דערלאַנגט זיך, א שטייגער, א זאָג : „א מערדער ? איך א מערדער ? איך פעראַכט אַזאַ געמיינעם וואָרט. איך בין ניט קיין מערדער, איך בין דער ראַבענגאַט אַליין, דאָס איז וואָס איך בין ! ניט יחידים מאָרד איך, א וועלט ראָט איך אויס, די גאַנצע וועלט !" דיבורים, האַ ? נו, אָט אַזוי רעדט מיין העלד אין דער פּיעסע, וואָס איך רוף דער „מאָרדקינסטלער". עס איז גרויס ,איז דאָס שטיק, אבער איך מוז זאָגען, דער „מאָרדקינסטלער" קומט ניט צו מיין „רויטע האַנד". דאָס איז פּשוט — גלויבט מיר, איך בעריהם זיך ניט, ניט א ברעקעל ! — די „רויטע האַנד" איז פּשוט א מייסטערווערק, איינגעגעבען עפּעס אַזוי ווי פונ'ם רוח הקדש ! און וואָס איז שייך צום „ענדעס", איז דאָס א כאַראַק־טער, מיין ליעבער, גוטער הערר... הערר גרינבערג, וועלכער וואָלט אָהן שום ספק געמאַכט א גערודער אין דער וועלט. אבער כאַ־ראַקטער אין א פּיעסע איז נאָך ניט אַלעס ! די סיטואַציאָן, יונ־גער מאַן, די סיטואַציאָן ! אָריגינעל פון אָנהויב ביז'ן אויסלאָז. וואָרים וואָס, אין תוך גענומען, איז דאָס אַזוינס דער „מענשלי־כער ענדעס" ? דער מענשליכער ענדעס ,מיין פריינד, איז א גוטער, אַן איידעלער מענש, מעהר נישט ער ליידט פון א שרעקליכען פעהלער. זיינע שפּיץ־פינגער האָבען אין זיך א מין בּיס, א שטאָך — א שטאָך וואָס שטעקט אָן, וואָס פערגיפטעט דאָס בלוט פון יעדען, וועמען ער ריהרט אָן. און זיין מאַמע שטאַרבט, און זיין געליעבטע שטאַרבט, און קיינער וויים ניט פון וואַנען און ווי אַזוי... די פערוויקלונג, דער פּלאָנטער, איז א וואונדערבאַרער ; אַזוינס טראַכט זיך ניט אויס, דאָס ווערט ניט געמאַכט, דאָס מוז אייך ווי א בליצשטראַהל דורכגעהן דורכ'ן מח.

גרינבערג

(האַסטיג איהם אַרוינפאַלענדיג אין די רייד): דאָס איז פּונקט וואָס מיר

האָט פּאַסירט מיט דעם „פּלאַט” פון די קליינע פּיעסע, וואס איך לעז אייך פאר...

גוטמאַן

אָה, איהר מוזט מיך ענטשולדיגען. האָב זיך פערערדט... בעט אייך טויזענד מאָל ענטשולדיגונג. זעצט זיך און לעזט, איך האָב, דאכט זיך, מיין פריהשטיק געענדיגט. קען אייך גאַנץ רוהיג אויס־הערען... קלארא און ברוינשטיין האָבען שרעקליך פערשפּעטיגט היינט. איך רעכען...

גרינבערג

קיין נאָמען האָב איך דערוויל דער פּיעסע נאָך ניט געגעבען.

גוטמאַן

אין דעם קען איך אייך העלפען. איך שעם זיך דאָס אליין אייך צו זאָגען, אָבער אויף געמען בין איך אַ מאַדים. לייענט, חויבט אָן!

גרינבערג

די פּערזאָנען זיינען: פעליקס פינדלאַטער, פריעדריך האמער, יאָזעף זיין לאַקיי — דאָס זיינען די מענער, דאַן פרוי פינדלאַטער, ראָזא פינדלאַטער, זייער טאָכטער, און עממא אַ הויז־מיידעל. די סצענע שפּיעלט זיך אָפּ...

## דריטע ערשיינונג.

הירש ברוינשטיין און די פריהערדיגע.

גוטמאַן

אַה, ברוינשטיין! אַ גוטען מאָרגען דיר, ברוינשטיין! קום אהער! דיין פריהשטיק איז שוין קאַלט ווי אייז. זעץ זיך און עס. דאָך האַלט! לאָמיר דיר פאָרשטעלען הערן גרינבערג, אונזער גליקמאַנ'ס אַ פריינד. הערר גרינבערג לעזט מיר פאַר אַ דראַ־

מא, וואָס ער האָט פערפּאַסט. הערר גרינבערג, הערר ברוינשטיין איז מיינער אַן אַלטער פריינד, אַ חבר פון דער שול און מיין רעכ־טע האנד... ווען איהר זאָלט וויסען אַלע זיינע מעלות...

ברוינשטיין

(עסענדיג) : מיינע מעלות קענען הערן גרינבערג'ן קנאַפּ וואָס אינטערעסיען. (ער ווינקט צו גרינבערג'ען ער זאָל נים מאַכען קיין שהיות און לייענען).

גרינבערג

(וויל נעהמען לייענען)...

גוטמאַן

(האַסטיג) : הערר גריבערג וועט מיך געוויס ענטשולדיגען. זיינען דאָ פיעל בריעף, ברוינשטיין ?

ברוינשטיין

יעדענפאַלס, ווייניג אינטערעסאַנטע, כמעט גאָר ניט.

גוטמאַן

ווייז, ווייז אהער, לאָמיך אַ קוק טאָן.

ברוינשטיין

לעזט דיר הערר גרינבערג ניט פאָר ?

גוטמאַן

יע, אָבער מיר האָבען נאָך ניט אָנגעפאַנגען.

ברוינשטיין

ניין ? נו, אויב אזוי, קענסטו זיי זעהן, אָבער גלויב מיר, דו וועסט ניט געפינען איין בריעף וואָס וואָלט ניט געקענט וואַרטען אַ ווייל.

גוטמאַן

(איבערקוקענדיג איין בריעף נאָך דעם אַנדערן) : אַ שעהן ביסעל בריעף פון דאַמען, רעד זיך דיר וואָס דו ווילסט.

ברוינשטיין

איינגע בעטען שטעלען, אנדערע בילעטען.

גוטמאַן

און די וואס ווילען ווערען אַקטריסעס...

ברוינשטיין

זיינען ניט ווערט קיין אויסגעבלאָזענע איי. לויטער פּוסטע, זיס־זייערליכע דאמען פון די „ליעבהאָבערינען דער קונסט".

גוטמאַן

זעהט איהר, הערר גרינבערג, אַט אזוי איז אַלע טאָג, ווי איך זאָג אייך. געדענקסטו, ברוינשטיין, די יונגע דאַמע אָהן אַ מאָרדע וואָס האָט געפּינטעלט מיט איין אויג? שטעלט זיך נור פאָר די חוצפּה איהרע: זי שיקט מיר — ווי איהר זעהט מיך אַ לעבעדיגען — איהר פּאָרטרעט! איהר בילד! ניט שלעכט, כ'לעבען, חא—חא—חא! אָבער האַלט, גוט וואָס איך האָב מיך דערמאָנט! וואו איז ערגעץ טאקע איהר פאָטאָגראַפיע? האָב איהר זיכער וואו עס איז באַהאַלטען, דאָס ווייס איך גאַנץ גענוי (ער וויל געהן צו זיין פּולט, ברוינשטיין האַלט איהם אָב).

ברוינשטיין

זעץ זיך, וואָלטער! וואָס קימערט דיין פּאַרשוין הערר גרינבערג'ן, ער וויל איהר ניט זעהן.

גוטמאַן

(מיט האַרץ): און איך זאָג דיר, ער וויל. איך פערשטעה זיך אויף מענשען נישט אין דער־ערד בעסער ווי דו. דאָס בילד איז אַ זעל־טענהייט, אַ קוריאָז....

ברוינשטיין

און איך זאָג דיר, ער וויל ניט.

גוטמאַן

(האַלב אין כעס, מיט אַ בליק אויף גרינבערג'ען): נו, ווי ער וויל זיך.

איך ווייס נור, ער וועט אזא זעלטענהייט אזוי גיך ניט קריגען צו זעהן. דאס איז וואס איך ווייס. נו, הערר גרינבערג, לייענט אייער פיעסע. קיין פלינקער פארלעזער זייט איהר ניט... איך בין בערייט צו הערען. לייענט. ווארט נור א פערטעל־מינוט! ברוינשטיין, אין וועלכער זייט בלאזט היינט דער ווינד?

ברוינשטיין

צו מערב צו.

גוטמאן

גוט, וואס ניט צו מזרח צו. איהר קענט זיך ניט פארשטעלען, הערר גרינבערג, ווי דער וועטער ווירקט אויף מיך. היינט בין איך, דאכט זיך, א מענש מיט אלעמען צוגלייך. לאז אבער ווערען א מזרח־ווינד, ווער איך אייך א שטיק פלייש מיט צוויי אויגען. די נערוועז מיינע זיינען, פערשטעהט איהר, צו אנגעשטרענגט. ווער ווייס צו דאס איז ביי יעדען קינסטלער אזוי? און, אה, מיין גאט! איהר האט מיר געדארפט קענען אין מיינע יונגע יאהרען! אט האב איך דאס אביסעל מיין מאמען נעפיהרט א טענצעלע! א טאג א רוהיגען האט זי פון מיר ניט געהאט. ביז צוועלף יאהר האב איך אייך דורכגעהאט פאקען, מאזלען, קרופ, סקארלאטין, און כל המינים הוסטען... (ברוינשטיין גיט א הוסט) האסטו וואס גע־זאגט, ברוינשטיין? הא?

ברוינשטיין

איך ווארט נור, אז הערר גרינבערג זאל שוין איפאנגען לעזען זיין פיעסע.

גוטמאן

געוויס, געוויס! דו ביסט גערעכט. איך מוז ביי אייך נאך אמאל בעטען ענטשולדיגונג, הערר גרינבערג. נו, אנגעפאנגען זאל ווע־רען!

גרינבערג

„די סצענע שפיעלט זיך אב אין דעם עמפפאנגצימער פון..." (א קלאפ אין טיר).

גוטמאן

ענדליך! מיין טאכטער! שנעל אריין!

## פיערטע ערשיינונג.

קלארא מילדהערץ און די פריהערדיגע.

קלארא

(זעהט אן גרינבערג'ען, אנגענעהם איבעראשט. צום פאטער): גוט מארגען, פאפא! הערר גרינבערג, הערר ברוינשטיין, גוט מארגען!

גוטמאן

א ביסעל שפעט ארונטערגעקומען, קלערעלע. קענסטו הערר גרינבערג?

קלארא

אה, יא, פאפא! מיר קענען זיך שוין פון לאנג... מיר פלעגען זיך טרעפען ביי... אבער, פערצייהט, מיר הערר גרינבערג, איך זעה, איך שטער אייך...

גוטמאן

זעהסטו, קלערעלע, הערר גרינבערג לעזט מיר פאר א פיעסע. גוט, וואס דו ביזט געקומען. דיין מיינונג איז וויכטיג. זי איז א גרויסער, א גרויסער מבין, הערר גרינבערג! גאר פון די אמת'ע מבינים. האט געלעזען אלע מיינע פיעסען און האט א גוטען געשמאק. האב פיעלע שטעלען איהר־צוליעב געענדערט. געדענקסט, קלערעלע, דעם מאנאלאג אינ'ם „מענשליכען ענדעס", וואו איך האב...?

קלארא

אה, יא, פאטער, איך געדענק אלעס. איצט לאמיר אבער הערען הערר גרינבערג'ס פיעסע. אויב איהר זייט שוין ווייט פערפאהרען, לייענט ווייטער, וועל שוין ווי עס איז דעם אנהויב פערשטעהן פון דאס וואס קומט שפעטער.

ברוינשטיין

(ווינקענדיג צו איהר): מיר האלטען נאָך ביין אָנהויב: ביי די דראַמאַטישע פּערזאָנען.

גוטמאַן

גוט וואָס מיר האלטען נאָך ניט ווייט, ניין? איצט, הערר גרינ־בערג, זייט אזוי גוט און לייענט איבער די פּערזאָנען פון מיין טאָכטער'ס וועגען.

גרינבערג

מיט פערגניגען! עס איז אַן עהרע פאַר מיר וואָס פרוי מילדהערץ אינטערעסירט זיך מיט מיין ווערק. אַלזאָ! פּערזאָנען: פעליקס פינדלאַטער, פריעדריך האמער, יאָזעף, זיין לאַקיי; פרוי פינד־לאַטער, ראָזא פינדלאַטער און עממאַ, א הויז־מיידעל...

גוטמאַן

דאָס רופט איך א גוט־אַרראַנזשירטען פּערסאָנאַל: דריי מענער און דריי פרויען.

גרינבערג

האָב פערגעסען צו זאָגען, אַז ראָזא פינדלאַטער איז א קינד...

גוטמאַן

א קינד? וואויל ווי די וועלט! ליעבט איהר קינדער, הערר גרינבערג?

גרינבערג

זעהר!

גוטמאַן

(אויפשפּרינגענדיג פון זיין אָרט און צולויפענדיג צו דער טיר): האַננאַ, ברענגט אַריין מיננעלען! (זיך צוריק אַנידערזעצענדיג) אויב איהר האָט האָלד קינדער, מוזט איהר מאַכען מיננעלע'ס בעקאַנטשאַפט. וואָס ווייסט איהר, וואָס פאַר אַן איינציקעל איך

פערמאָג! אזא קינד האָט נאָך די וועלט ניט געזעהן — דאָס זאָג איך אהן בעריהמעריי!

קלארא

פאָטער, ליעבער פאָטער! איך האָב הענגעלע'ן געזאָגט זי זאָל היינט דאָס קינד אהער ניט ברענגען.

גוטמאַן

אָבער, קלערעלע, ביזטו ביין זינען? ! וואָס הייסט ניט ברענגען! דאָס עופ'עלע איז אזוי געוועהנט צו מיר ארייינצוקריכען אלע איך־דער־פריה מיט א פרעהליכען גוט־מאָרגען... זי וועט זיך פיהלען גאַנץ אונגליקליך, די אָרעמע טייבעלע. חוץ דעם, זעהסטו דאָך, אז הערר גרינבערג ליעבט קינדער און חלש'ט א קוק צו טאָן אויף דיין קינד... און שטערען? מינעלע שטערען! גוט? אָט קומט זי...

# פינפטע ערשיינונג.

**הענעלע, מינעלע און די פריהערדיגע.**

גוטמאַן

אהער, פיינעלע! א שעהנעם, צוגעשפיצטען, פלאָם־פייערדיגען קוס פאר'ן זיידען און אנטלויף, ווייל מיר זיינען היינט זעהר פערנומען, הערסטו? (מיט א זייט־בליק אויף זיין טאָכטער) אָה, אָה! מאַמע איז היינט בייז. נו, גוט! א קוס פון קוסענקאַנד פאר'ן זיידען, אָט אזוי! נאָך איינעם, א דריטען — גוט! איצט א קוס פאר'ן אלטען ברוישטיין (ער טאַנצט ארום מיט'ן קינד אין ציממער; ברוינשטיין הויבט זיך האַסטיג אויף פון זיין פלאַץ און בויגט זיך איין צום קינד) און איצט איינעם און א רעכטען פאר הערר גרינבערג.

מינעלע

(מיט א שטיפערישע מיענע, אבער ענטשלאָסען) אָה, ניין, גרויספּאַפּאַ!

קלארא

פּאָטער, לאָז איהר צו־רוה! דאָס וועט מאכען א גאנצען טומעל.

גוטמאַן

שטות, שטות, שטות!!! הערר גרינבערג ליעבט קליינע עופ־עלעך. שנעל, א קוס פאר׳ן אָנקעל, מינניע! (דאָס קינד ציעהט זיך צוריק נאָך ענטשיעדענער) שנעל, זאָג איך דיר, א קוס פאר׳ן אָנקעל, ער וואַרט! שנעל אהער קום, אגיט בין איך מיט דיר ברוגז אויף אייביג.

קלארא

טו מיר א טובה, פּאָטער, און לאָז איהר צו־רוה. דו וועסט מיט איהר היינט גאָר־נישט אויספיהרען. זי איז א שלעכטע מיידעל היינט. (אין דעם קינד׳ס אויגען בעווייזען זיך טרערען).

גוטמאַן

האָב פיינט עקשנות! גראָד ווייל זי וויל ניט, מוז זי איהם גע־בען א קוס. הערר גרינבערג! אהער געהנטער אביסעל די רעכ־טע באַק! (דאָס קינד ווייגט זיך פּאַנאַנדער) צום טייוועל, קלארא! דאָס קינד געהט מיר עפּעס גאָר אין גאנצען ארויס פון די האָלאַב־ליעס! א ביסעל אן עקשנות! קלארא, הייס ד ו איהר טאָן וואָס איך פערלאַנג. הערר גרינבערג, נאָך אמאָל די רעכטע באַק אהער, זייט מוחל!

קלארא

(פעסט און ענטשלאָסען): פּאָטער, דאָס מוז נעהמען א סוף! הערר גרינבערג, איז היינט ניט ביי אונז צו שפּיעלען זיך מיט קינדער... זיין צייט איז טייער, דיינע אויך. העלענע! ארויס מיט׳ן קינד און שפּיעלט זיך איהר ביידע!

גוטמאן

(אָבגעשוואכט ווי נאָך א שווערען קאַמפּף) : גוט, איך גיב זיך אונ־
טער. איהר מוזט מיך ענטשולדיגען, הערר גרינבערג; איהר
ווייסט ניט ווי ליעב איך האָב זי, די קליינע מכשפה'לע. איצט,
קלארא, האָרך, אָבער רעד ניט אריין!

גרינבערג

(פאַנגט ווידער אָן צו לעזען) : די סצענע שטעלט פאָר אן עמפפאנג־
צימער ביי די פינדלאטער'ס, שעהן מעבלירט. פאמיליען־בילדער
אויף די ווענט. איבערן קאמין א בילד פון אן אלטען קינסטלער
און...

גוטמאן

איהר ליעבט, הייסט עס, בילדער, הערר גרינבערג?

גרינבערג

זעהר... (מאַכט אן אָנשטעל ווייטער צו לעזען).

גוטמאן

(האַסטיג צולויפענדיג צו אַ געשטעל, אויף וועלכען עס איז געשטאַנען
פּארדעקט א בילד): אָט, אויב איהר זייט א בעלן אויף בילדער, האָב
איך זייך עפּעס צו ווייזען.

גרינבערג

(בעמערקענדיג א פריינדליכען בליק פון קלארא, וויל ער איהר עפּוואס
זאָגען, ווען ער ווערט אונטערבראָכען פון)

גוטמאן

אהער קומט. דאָס רופט איהר מסתמא א בילד, האָ? נו, איך
רוף דאָס א פּאָעמא אויף לייוואַנד. מיר דוכט, איך פערשטעה
זיך אויף אזעלכע זאכען. איך בין — גלויבט מיר, דאָס איז ניט
קיין בערי‍המעריי — א געבאָרענער קונסט־קריטיקער. האָב אין
לעבען ניט געלערענט קיין צוויי גאנצע מינוט דעם אלף־בית פון

מאַהלעריי, און קען אייך זעהן די מינדעסטע פּגימה'לע אין א בילד ניט ערגער פאר דזשאהן ראַסקין אַליין. נעהם איך זיך ניט צו דער שווישפּיעלעריי, בין איך היינט א מאַלער מיט א נאָמען! אַט די דאָזיגע לאַנדשאַפּט דארטען — אידעע מיינע, הגם דער מאַלער איז זיך טאַקע א זשעניע, קיינער לייקענט דאָס ניט, ווילט איהר אָבער וויסען פאר וואָס די אַקאַדעמיע?...

קלאַראַ

פּאָטער! אויב הערר גרינבערג געהט ניט ווייטער אין זיין פאַר־לעזונג, וועלען מיר אַלע פערגעסען די נעמען פון די דראַמאַטישע פּערזאָנען אין דער פּיעסע.

גוטמאַן

גערעכט, מיין טאָכטער! גערעכט! הערר גרינבערג, איך מוז זיך ביי אייך ווידער ענטשולדיגען. זעצט זיך, מיין פריינד, און גיט אונז א בעשרייבונג פון די כאַראַקטערע. דאָס העלפט א סך צום פערשטעהן ריכטיג די פּערזאָנען.

גרינבערג

מיט פערגניגען, הערר גוטמאַן! פעליקס פינדלאַטער איז א בע־יאָהרענטער מאַן, א חשוב'ער בעל־הבית, וואָס האַלט זעהר שטאַרק פון זיך...

גוטמאַן

(פּלאַצט אַרויס מיט אַ געלעכטער): חא־חא־חא! איך קען אזא גפש... א טיפּ! נור לאָמיך אייך ניט שטערען.

גרינבערג

דאָס איז, דארפט איהר פערשטעהן, אַ מענש, וואָס לעגט אוועק מיט בעשטימטהייט, עפּעס ווי א געזעץ, ווי אַן אַקסיאָם, וואָס טאָר ניט בעשטריטען ווערען, זיינע מיינונגען און נייע אידעען...

גוטמאַן

וואָס, וואָס, וואָס? ער לעגט — נייע — לעגט ער א וועק אידעען,

מיינונגען; לענגט — בייע! אהא! ווארט! אט דאס איז א בליצשטראהל אינ׳ם חשך! ברוינשטיין, דאס דערמאהנט מיר, אז דו האסט ניט געהאט קיין פרישע איי צום פריהשטיק!

קלארא

איך האב ניט בעשטעלט אויף היינט, פאטער!

גוטמאן

ווי הייסט, ניט בעשטעלט? איז דאס גאר ניט מעגליך צו קריע־גען א פרישע איי?

קלארא

האב ניט געהייסען אריינטראגען, ווייל היינט לייענט אונז הערר גרינבערג זיין פיעסע...

גוטמאן

ניט רעכט פון דיר! איצט פערשטעה איך אויך מינעלע׳ס כעס. דאס קינד, דארפט איהר וויסען, איז געוועהנט דעם ליעבען ברוינ־שטיין איהרען אריינצוטראגען א פרישע איי אלע ליעבע טאג... קלארא, גלייך זאל מיר בעשטעלט ווערען אן איי!..

קלארא

איך קען עס ווירקליך ניט, פאפא!

גוטמאן

זעהר וואויל, דאן קען איך (ער קלינגט, עס קומט אריין הענעלע) שיקט אריין הערען ברוינשטיינ׳ס איי דורך די קליינע!

הענעלע

אין איין אויגענבליק, הערר גוטמאן.

גוטמאן

הערר גרינבערג, בעדויער די אונטערברעכונג, אבער איהר דארפט וויסען, אז דאס איז א הייליגער מנהג אין מיין הויז זינט ברוינ־

שטיינ'ס נעפעהרליכע קראנקהייט. בעת ער האט געהאלטען ביין זאגען אונז אלעמען „זייט געזונד!" אויף אייביג. יעמאלט, ווען ער האט אנגעהויבען צו קומען צו זיך, איז אן איי פון מינעלע'ס האנד געווען דאס ערסטע וואס ער האט גענאסען.. „לעגען — נייע?" ווען ניט אט די ווערטער אייערע, וואלט איך בלייבען גיט פערשטאנען דעם קינד'ס כעס. אהא! אט איז זי מיין בייזער טוטשי־פוטשי־בוטשיקעל!

מינעלע

(טראגט ארויין די איי): נאט אייך, אנקעל ברוינשטיין!

גוטמאן

גוט! איצט אנטלויף צו הענעלע'ן! אבער ווארט! דו דארפסט קריגען דיין געצאהלט.

ברוינשטיין

(דערלאנגט איהר האסטיג א פענעצעל מארמעלאד).

גוטמאן

לאמיך זעהן, וואס? דאס איז אלץ וואס זי קריגט? דאס קען א פוינעלע אוועקטראגען אויפ'ן עק. זאג דיין פעטער אז ער איז א געמיינער קארגוץ. ברוינשטיין, נאך א מארמאלעד שנעל אהער! אט אזוי.. וואס? מיר א קוס? פערשטעהט זיך! אבער איצט זיי מיר א גוטע מיידעלע און גיב אב אנקעל גרינבערג דעם קוס וואס דו ביסט איהם שולדיג. (דאס קינד פארשקעמט זיך).

קלארא

(זעהר אויפגערעגט): פאטער, דאס ערלויב איך ניט. הענעלע, פיהר ארויס מינעלע'ן, שנעל! (ביידע אב).

גוטמאן

קלארא, מיין קינד, דו ביסט היינט איך ווייס אליין ניט ווי דאס אנצורופען... זעהר וואויל! איצטער, הערר גרינבערג, בעשרייבט אונז ווייטער די פערזאנען. דעם איינגעבילדעטען פינדלאטער,

ווילט איהר מסתמא איך זאָל שפּיעלען.. מערקווירדיג! כמעט יעדער פּערפאסער קלערט, אז אזא ראָלע איז פאר מיר ווי אויף מיין מאָס צוגעשניטען און דאָך וועט אייך יעדער זאָגען, אז איך בין איינער פון די בעשיידענסטע מענשען אין דער וועלט. איך...

גרינבערג

(כמעט אין פערצווייפלונג, פּרובט ווייטער רעדען): דער נעכסטער איז פריערדיך האמער...

גוטמאַן

(ווידער אויפשפּרינגענדיג): האמער! האלט! דו, ברוינשטיין, איז דער סטאָליער דאָ געוועזן מכח'ן לעהנשטול ביים שרייבטיש?

ברוינשטיין

געוועזן און פעררריכט, אלץ אין דער בעסטער אָרדנונג; לאָמיר לאָזען הערן גרינבערג לייענען... קומען צום לייענען...

גוטמאַן

לייענט, הערר גרינבערג, לייענט. גלויבט מיר איך וואָלט פשוט אייך ניט קענען הערען ווען איך בלייב מיט'ן שטוהל אין מח.

גרינבערג

ווענען פריערדיך האמער וועל איך זיך ניט פערברייטען; איהר וועט שפּעטער זעהן, אז דאָס איז ניט נויטיג, זאָגען וועל איך נור, אז ער איז א שטארקער, טעמפּעראמענטפּולער מענש... אין די מיטעלע יאָהרען. — דער לאַקיי יאָזעף איז דער קאָמיקער.

גוטמאַן

ווייטער, ווייטער! לאָמיר קומען צו די ווייבער... ענטשולדיגט, הערר גרינבערג, וואָס איך דריק זיך אזוי אוים... ברוינשטיין, וואָס האלסטו דעם קאָפּ פערגראָבען אין א העפט? רופסטו דאָס העפ־ליכקייט? עפּעס רעדט דאָך דאָ אימיצער, ניין?

ברוינשטיין

דאָס איז א טייל פון העררן גרינבערג'ס פּיעסע. 'ך וועל אוועק־

לעגען זיין מאנוסקריפט — דיעזען טייל מיין איך — אזוי גיך ווי ער הויבט אָן לייענען דעם אנדערען.

גוטמאַן

גוט, גוט! לייענט טאקע הערר.... הערו׳ גרינבערג.

גרינבערג

פרוי פינדלאטער איז א שארמאנטע פערזאָן, אָבער זעהר אָן אויפ־געקרעגטע...

גוטמאַן

א צווייטע עווא גומפרעכט!

גרינבערג

פערשטעה ניט...

גוטמאַן

איינע פון מיינע הויפטפערזאָנען אין דער „רויטער האנד״, גע־דענקסטו די ראָלע, קלערעלע?

קלאַרא

געדענק זי מיט אלע קליפערלעך.

גוטמאַן

איי, פערקאָכט אָט די עווא אביסעל אַ קאשע דאָרטען!! וואָרט!
(ער טוט זיך אַ הויב צום שראַנק צו).

קלאַרא

פאָטער, לאָמיר ענדליך הערען די פאָרלעזונג! וועגען די ׳רויטע האנד״ קענען מיר דאָך אנאנדערס מאָל רעדען.

גוטמאַן

גוט, גוט! אגב, וועמען אינטערעסירט אָן איינענעם מאָטעג׳ס א פּיעסע? אָבער ווייטער, ווייטער! לייענט! די פּערזאָנען זייַ־נען אונז שוין בעקאנט. גוט, וואָס איהר האָט אין דער פּיעסע א

קינד... זעהר גוט! א וואונדערבארעס פאלק, די קינדערלעך. מינעלע'ס היינטיגע טרעוואגע עראינערט מיך אן דעם טאג, ווען הערר פראזער האט אונז בעזוכט. געדענקסט פראזער'ס וויזיט, קלערעלע?

קלארא

ניין, פאטער איך געדענק נ י ט . הערר גרינבערג, הויבט אן!

גרינבערג

די סצענע שפיעלט...

(פון גליקמאן'ס שרייבצימער הערט זיך דער גלאק פון טעלעפאן).

גוטמאן

(האלטענדיג דעם „רעסיווער" אין דער האנד, אנשטאט איהם צוצולעגען צום אויער, רעדט ער שטעהענדיג מיט ביידע פיס פון ביידע זייטען שוועל צווישען דעם עסצימער און זיין קאבינעט): ווייס דא ווער, פאר וועלכע זינד מיר זיינען בעשטראפט געווארען אט מיט דער אנ־שיקענים... (עס קלינגט) יווארט, טייוועל! אמאל פלעגט מען זיך קענען אברוהען אין דער היים, היינט ברענגט דער טעלעפאן... (עס קלינגט כסדר) ווארט, זאג איך! צונויף א בארג מיט א בארג און דער שווארץ־יאהר געפינט אייך אין (עס קלינגט נאך שטארקער) חדרי־חדרים. אוים היים, אוים פריוואט־לעבען...

קלארא

זעה, פון דעסטוועגען, וואס זיי ווילען.

גוטמאן

(זעהר צומומעלט; לעגט צו דעם אויער צום טעלעפאן און רעדט אריין אינ'ם „רעסיווער"): האללא! האל־לא!! (עס קלינגט אלץ שטאר־קער) האל־ל־לא!! ווער זייט איהר? וואס ווילט איהר?? (עס קלינגט שטארקער און שטארקער) ענטפערט!

ברוינשטיין

(פערטיעפט אינ'ם מאנוסקריפט די גאנצע צייט וואס גוטמאן שטעהט ביים טעלעפאן, ערוואכט ער איצט ווי פון שלאף) פרוי מילדהערץ, געהט א י ה ר צום טעלעפאן, אניט וועלען מיר דא אלע טויב ווערען...

ער האָרכט וואו מען דאַרף אַריינרעדען און רעד אַריין אינ׳ם „רעד־סיוועך״, איי, גוטמאַן!

(קלאַרא און גרינבערג האָבען זיך שטילערהייט אונטערהאַלטען די גאַנ־צע צייט; פון זייער מימיק פערשטעהט מען אז זיי רעדען אַלץ אינ־טימער און פריינדליכער וואס לענגער דער געשפרעך האַלט אָן; אין גע־וויסע מאָמענטען דריקט גרינבערג׳ס פנים אויס איבעראַשונג, צוערסט פון א פערדריסליכען, שפּעטער פון א פרעהליכען כאַראַקטער).

## קלאַרא

(צוגעהענדיג צום טעלעפאָן): וואָס טוסטו, פאָטער! דו רעדסט אינ׳ם רעסיווער אַריין און פערלאַנגסט אז (עס קלינגט כסדר), אז מען זאָל דיך הערען. (נעהמט דעם רעסיווער) האַללאָ! וואָס דאַרפט איהר? הערר גוטמאַן? וואָס? גלייך? אינ׳ם טעאַטער? יאָ, אָבער ניט אויף לאַנג, ער איז זעהר, זעהר בעשעפטיגט. נור באַלד! (צום פאָטער) נעה, זעה, וואָס דאַרטען טוט זיך. דער סטיידזש־קאָו פענטער בעדאַרף דיך.

## גוטמאַן

(נעהמט א היטעל, פריהער גרינבערג׳ס נאָכדעם זיין אייגענע): שטענ־דיג אַזוי! אַזוי ביך ווי זיי געפינען אויס, אז איך בין בעשעפ־טיגט, הויבען זיי אָן צו באָמבאַדירען מיין קאַבינעט. דו געדענקסט, ברוינשטיין...

## ברוינשטיין

איך געדענק אַלץ... נעה וואָס גיכער, מיין ליעבער גוטמאַן, און קום וואס גיכער צוריק... עס מוז דאָך נעהמען א סוף.

(גוטמאַן אָב. ברוינשטיין גראָבט אריין דעם נאָז אין גרינבערג׳ס מאַ־נוסקריפּט און פערגעסט אַז אימיצער איז דאָ אַרום איהם).

## קלאַרא

(געריהרט, איהר שטימע ציטערט): אָה, יאָ! צו זיעבעצעהן יאָהר האָט מען אַנדערע אוינען... מען איז דאַן נאָך מעהר קינד ווי פרויענצימער... אידעאַלען, אילוזיאָנען, עפּעס אַלץ אַנדערש ווי

די ווירקליכקייט, מיט וועלכע מען טרעפט זיך אלע טאג... און דאן איז מילדהערץ... ווי ניט מען אייך דאס צו פערשטעהן?... און איהר האט כסדר געווייכט פון מיר זינט יענעם אבענד אין פארק, איהר געדענקט... יא, איהר האט מיר פערשפראכען (זי שמייכעלט איראניש) אייבינע פריינדשאפט, אבער...

גרינבערג

האב אייך אויסגעווייכט, און וואס מעהר איך האב אייך אויסגע-ווייכט... וואס איז דא צו רעדען (ער טוט א זיפץ, וועלכען ער וויל אבער קען ניט גאנץ אונטערדריקען), מיר גיט זיך קיין זאך ניט איין; מען וואלט זאגען: א מזל אזעלכער... אט אפילו היינט די פאר-לעזונג?... וויפיעל טעג, וואכען, חדשים, כמעט יאהרען האב איך גע'חלום'ט אויפ'ן וואהר אז דער טאג וועט ענדליך קומען, ווען איך וועל האבען דאס גליק, אז דער גרויסער גוטמאן, מיין פריינדין...

קלארא

(ווייך און האלב־לויט, די אויגען אראבגעלאזען): אייער פריינדין קלארא'ס פאטער....

גרינבערג

א, אפשר דאס מעהר ווי אלץ... האב געהאפט, גע'חלום'ט אזוי לאנג, אז ער זאל אמאל הערען וואס איך האב צו זאגען צו דער וועלט, איצט, ווען די קונסט איז מיין געליעבטע, מיין פאמיליע, מיין עולם הזה, מיין עולם הבא, מיין אלעס, אלעס....

קלארא

דאס איז ניט אמת, אלבערט...

ברוינשטיין

(ארויסנעהמענדיג דעם נאז פון מאנוסקריפט אויף א רגע): בריל-ליאנט!!

קלארא

אייך איז נאך עפעס אנדערש אין דער וועלט טייער... אייער פנים זאגט, אז איהר...

גרינבערג

קלאַרא! ניין, ניין! דאָס קען ניט זיין... איך... אהא! דער פאַטער קומט צוריק.

## זעקסטע ערשיינונג.

### גוטמאַן און די פריהערדיגע.

גוטמאַן

(בלייבט שטעהן אין טיר; ער רעדט צו אימיצען פון יענער זייט) וואָס? איהר ווילט גאָר ניט אַריינגעהן, פרוי טעמפּ? נו, מיך האָט זעהר געפרעהט אייך צו זעהן... געוויס! ווארט, ווארט, וואו האָבען מיר זיך דאָס לעצטע מאָל געטראָפען? אָה, יאָ! אין דער בילדער־גאַלעריע! ריכטיג! וואָס פאַר א קאָפּ איך האָב! נו, וואָס איז אייער מיינונג? געפעלען אייך בעסער די קינסטלער פון דער בריטישער אָדער פון דער פראַנצויזישער שול? איך מיין די מאָ־דערנע... וואָס זאָגט איהר? איהר איילט זיך אַוועקצוגעהן? געהט, געהט, אויב איהר קענט פאַר אַן אַלטען פריינד ניט געפינען א מינוט צייט... קלאַרע'ן וועט איהר זעהן שפּעטער? אום דריי א זייגער? זעהר וואויל... ווייסט איהר? מיר זיינען איצט טאַקע בעשעפטיגט... מען לייענט אונז אַ נייע פּיעסע... (רעדענדיג פאר זיך) קלאַרא איז אזוי פערטאָן מיט הערן גרינבערג.... זי האָט גע־מעגט ארויסגעהן צו פרוי טעמפּ, כאָטש זי בענגריסען... (הויך, צו פרוי טעמפּ) הייסט עס, אויף וויעדערזעהען! פערגעסט ניט, אַז קלאַרא וואַרט אויף אייך אום דריי. (ער בעגלייט זי ביז די הינ־טערסטע טיר).

גוטמאַן

(צוריק אריינקומענדיג אין עס־צימער): אי קען דאָס די פרוי טעמפּ אביסעל רעדען! איך ווייס ניט פון וואַנען ביי די ווייבער נעהמט זיך אזוי פיעל רייד! כמעט מיט געוואלט האָב איך זי ארויסגע־שטופּט. איהר וועט קיינמאָל ניט טרעפען א ווייבס־פּארשוין, וואס זאָל פערשטעהן ווי טייער די צייט איז אמאָל...

קלאַרא

פּאַטער, איך בעט דיך...

גוטמאַן

(גיט בעמערקענדיג די אונטערברעכונג) אַה, איך וועל קיינמאָל ניט פערגעסען ווי מיין זעליגע פרוי...

קלאַרא

אַבער, ליעבער פּאַטער!

גוטמאַן

(איבערקרימענדיג): אַבער, ליעבע טאָכטער! דאָס איז אַנאַנדער מיאוס׳ע געוואוינהייט, וואס איהר ווייבער האָט: איהר לאָזט אַ מענשען אַ וואָרט ניט אויסרעדען... וואס האָב איך געוואָלט אייך דערצעהלען? ריכטיג, וועגען מיין זעליגע פרוי. האָב יעמאָלט גראָד געהאט צו שפּיעלען אַ כאַראַקטער־ראָלע. אויף דער ביהנע נור אין איין איינציגע סצענע! אַבער די דאָזיגע סצענע — דאָס מעג איך זאָגען אָהן בעריהמעריי — האָט געשטעלט אויף די פיס די גאַנצע פּיעסע! דאָס פּובליקום איז געווען בעגייסטערט. לאַנג־האָרסקי, דער בעריהמטער קריטיקער...

ברוינשטיין

(נאָך אַמאָל ארוים פונ׳ם מאַנוסקריפּט) גרויסארטיג, פיין!

גוטמאַן

פיין. לאַנגהאָרסקי האָט זיך אַזוי ניט אויסגעדריקט. „דאָס איז געווען אַ גלאַנצלייסטונג!” האָט ער געזאָגט, יאַ, אַ גלאַנצלייס־טונג! אַ פּאָלירטער דימענט איז דאָס ביי מיר ארויסגעקומען. אַזאַ שטיקעל פיינע אַרבייט איז הייגטיגע צייטען אויף דער ביהנע גאָר ניט מעגליך צו זעהן. און ווער, מיינט איהר, האָט פון אַלץ געמאַכט אַ תל? אַט טאקע די ליעבהאָבערין אונזערע, די אריס־טאָקראַטישע! נעהמט, צום ביישפּיעל, אַזאַ פרוי טעמפּ. זי רייסט זיך אויך אויף דער ביהנע ארויף. אויף וואָס פאַר אַ סמך? יונג, אַ שעהנע פיגור, וועט איהר זאָגען. גיב דאָס צו. אַבער דאָס אַליין איז ניט גענוג. איהר פעהלט יענע בעשיידענהייט, יענער

אייביגער צווייפעל אין די אייגענע קרעפטען, וואס צייכענט אימער אויס דעם אמת'ן קינסטלער. און דאן מוז מען קענען זיך האלטען אין געוויסע גרעניצען: „אין דער בעשרענקונג ערקענט מאן דען מייסטער!" זאגט דער אלטער געטהע. וואס וויים דערפון פרוי טעמפ? גאר נישט — זאג איך. קיינער — דאס מעג איך זאגען אהן בעריהמעריי — איז ניט קיין גרעסערער מבין אויף מענשען ווי איך, קיינער דערקענט ניט א כאראקטער בעסער... וואס שמייר בעלסטו, קלארא?

קלארא

איך?

גוטמאן

דו ביסט עפעס פיעל פרעהליכער און א סך אויפגעראמטער זינט פרוי טעמפ איז אוועקגעגאנגען. א נייער גלאנץ אין די אויגען... ניין, קלערעלע?

קלארא

פאטער!!

גוטמאן

פאנאנדערגעבליהט איז זי ווי אין פריהלינג א בלום... ליעבט איהר בלומען, הערר גרינבערג?

גרינבערג

ניט אלע.

גוטמאן

ניט אלע בלומען, דאס בעגרייף איך. אבער ווער האט ניט האלד בלומען? ווער בעוואונדערט ניט די נאטור בכלל? איך האב מיין גאנצע קראפט אי אלס פערפאסער, אי אלס שוישפיעלער, אי אלס מענש פון דער נאטור. איך האב שטודירט די נאטור — האב איך! דערפאר זיינען ניט די פערזאנען אין מיינע פיעסען קיין פארצעלאיענע לאלקעס, דערפאר — גלויבט מיר, איך בער ריהם זיך ניט, ווען איך זאג עס — איז מיין פראזא ניט קיין געמאטערטע און דערפאר איז אויף דער ביהנע מיין גאנג, מיין

שטעל, מיין ריהר, מיין קעהר א נאטירליכער. וואס פאר ראָלען, א שטייגער, האָט איהר מיך געזעהן שפּיעלענדיג, הערר גרינ־בערג?

גרינבערג

וועלכע?

גוטמאַן

וואָס, איהר געדענקט ניט? איהר... (דער זייגער שלאָגט 12) גרוי־סער גאָט! צוועי־עלף!?

ברוינשטיין

געוויס, צוועלף, וואָס רעו מיינסטו?

גוטמאַן

אי, אי, אי! אויב אזוי, מוז איך געהן! טוט מיר ווירקליך לייד, יונגער מאַן, וואס מיר קענען ניט ענדיגען לייענען אייער פּיעסע היינט. האָב בעשטעלט א רעפּעטיציע אויף 12 א זייגער און בין זעהר פּינקטליך... דער אָנהויב פון אייער פּיעסע איז גרויסארטיג, איבערהויפּט דאָס קינד. האָב האָלד אזעלכע פּיע־סען... האָט מיך אמת געפרעהט מיט אייך בעקאַנט צו ווערען. (ער דריקט איהם ווארם די האַנד איצט, א גוטען, הערר גרינבערג. איהר קענט דאָ בלייבען אויב איהר ווילט... מיט מיין טאָכטער זיינט איהר, שיינט עס, גוט בעקאנט... אפשר געפין איך אייך נאָך ווען איך קום צוריק. מעגליך, אז די רעפּעטיציע וועט קענען אַנגעהן אָהן מיין פּערזענליכע אויפזיכט. ברוינשטיין, קום!

ברוינשטיין

(נאָך אלץ פערטיעפט אינ׳ם מאנוסקריפּט) : אויב דו דארפסט מיך ניט זעהר נויטיג, וועל איך דאָ בלייבען. איך ענדיג עטוואס לעזען.

גוטמאַן

אויך רעכט! א גוטען מאָרגען דיר, קלערעלע, א גוטען, הערר גרינבערג. הערצליך לייד, אָבער איך שרייב גליקמאַנ׳ען, אז דער אָנהויב איז ביי אייך גרויסארטיג, (געהענדיג) גרויסארטיג. (אב).

קלאַרא

איהר ווייסט ניט, הערר גרינבערג, ווי מיך קרענקט דאָס. אָבער וואָס קען מען טאָן? (זי שמייכעלט) דער ווינד איז אין מערב זייט.

גרינבערג

פערשטעה ניט.

קלאַרא

ווען עס בלאָזט א מערב־ווינד, איז דעם פאָטער במעט אומגליך עטוואס פארצולעזען.

גרינבערג

וואס איך הער!

קלאַרא

נור ווען עס בלאָזט א מזרח־ווינד און דער פאָטער ליידט פון א סאָרט רהומאטיזם אין די קינבאקען, וואָס דער רעדען איז איהם דאַן שווער, קען מען איהם איינהאלטען אויף אַן ארט... אָבער דאס איז זעהר צו בעדויערען.

גרינבערג

אייער סימפאטיע, קלאַרא, איז מיר מעהר ווערטה ווי...

קלאַרא

מיין סימפאטיע האָט איהר אימער געהאט... איהר האָט מיך אויסגעווייכט דורך די אַלע יאהרען, אָבער איך האָב (אין א געבראכענע שטימע) אויפמערקזאם און מיט א געוויסען שטאָלץ בעטראכט אייער גלענצענדע ליטעראַרישע קאַריערע.

גרינבערג

(איהר אָננעהמענדיג ביי דער האַנד): קלאַרא, דאָס איז ניט מעגליך... איך בין דער גליקליכסטער...

בראַונשטיין

(געהט צו צו זיי מיט'ן מאַנוסקריפּט, פון וועלכען ער קען נאָך אַלץ ניט אַראָבנעהמען די אויגען): הערר גרינבערג, איך גראַטוליר אייך פון גאַנצען הארצען.

גרינבערג

(קאָנפוז) : הערר ברוינשטיין...

קלאַרא

(זעהר רויט אין געזיכט) : ברוינשטיין, דאָס איז ניט דעליקאַט פון אייך...

ברוינשטיין

ניט דעליקאַט? וואָס איז ניט דעליקאַט?

קלאַרא

דער מזל־טוב אייערער...

ברוינשטיין

פאַר וואָס ניט? די פּיעסע איז א מייסטערווערק!

גרינבערג און קלאַרא

(אין איין קול) : וועלכע פּיעסע?

ברוינשטיין

הערר גרינבערג׳ס פּיעסע. האָב זי גאָר וואָס געענדיגט לייענען. אָט קומט גוטמאַן צוריק.

## זיבעטע ערשיינונג.

(די פאָריגע און גוטמאַן).

גוטמאַן

(מרה־שחורה׳דיג) : דער ווינד האָט זיך געביטען; קלאַרא, מיין קינד, איך בלייב אין דערהיים.

ברוינשטיין

די שטאָדט וועט אין קורצען רעדען פון דיר, וואָלטער, פון דיר און פון הערר גרינבערג. האָב זיין פּיעסע געלייענט. זי איז גרויסאַרטיג. מיר האָבען א נייעם דראַמאַטורג און דו האָסט א נייעם טריאומף.

גוטמאַן

ווירקליך? הערר גרינבערג, איך וועל מאַן דאָס מייניגע; קלאַ־

רא, גראטוליר הערן גרינבערג (נעהמט זיך אן פאר'ן באק) קען ניט רעדען...

קלארא

פון גאנצען הארצען ווינש איך אייך גליק, אלבערט! (אין איהרע אויגען שטעהען טרערען; זי נעהמט איהם אן פאר די רעכטע האנד; ער איז שטארק גערירט. ברוינשטיין בעטראכט זיי ביידען זעהר אויפמערקזאם).

ברוינשטיין

איצט פערשטעה איך. ניט אומזיסט איז א געוויסער פארטרעט קיינמאל ניט ארויסגעקומען פונ'ם אלבום... (ראמט איין גוטמאנ'ען א סוד) עס וועט אלץ רעכט ווערען. ווען הערר גרינבערג קומט נאך אמאל, וועט ער מיט דיר רעדען וועגען אנאנדער ענין.

גוטמאן

רעטעניישען! איך — אה, דער פערפלוכטער ווינד! — איך ווינש אייך גליק, מיין ליעבער יונגע...

ברוינשטיין

א י ה ר  א ו י ך. ביידען!

גוטמאן

ביידע געשריבען די פיעסע? סודות... הערר גרינבערג, האב גלייך געזעהן, פיעסע גוט. זעה אזעלכע זאכען אין א רגע... דאס מעג איך זאגען אהן בע... אה, מיין באק!

ברוינשטיין

דעם נאמען ג י ב  א י ך אייער פיעסע, גרינבערג. זי הייסט ביי אונז: „די ליעבע און איהר לוין". גוטמאן, הייס ארייננברענגען שאמפאניער!

גוטמאן

ברוינשטיין אזוי אויפגערעגט! (בעמערקט קלארא'ן און גרינבערג'ען שטעהענדיג האנד-אין-האנד) אה! נו, איך ווינש אייך... קען ניט רעדען, קינדער! לאז איבערגעהן דער מזרח-ווינד.

פ א ר ה א נ ג.

# א גע׳הרג׳עטער עדיטאָריאַל

(אַ סצענע אין אַ רעדאַקציע).

## פערזאָנען:

**רעדאַקטאָר** קריץ, 50 יאָהר אַלט; טראָגט ספּאַקולען מיט ניל־דערנע אַלאַבּליטשקעס; ערטערווייז גרויע האָר אין זיין לאַנגען באָרד.

**מיסים** קריץ, זיין פרוי, אַ אידענע אין זיין עלטער, זעהר אַ האַס־טיגע, ניט קיין מיאוס׳ע; זי טראָגט, קענטיג, די הויזען.

**פריילין** וואַלענטין, אַ רוסיש־אידישע אינטעליגענטקע, שטאַרק ניט דערבּאַקען; טראָגט אַ פּאַנסנע.

**מענעדזשער** גאָלדמאַן, אַ איד פון אַ גאַנץ יאָהר; איז אין די צייטונג־ביזנעס ווייל ער טויג דערצו ניט.

**דער** אַגענט זוך, אַ צענטערזייל פון דעם צייטונג־געשעפט.

**זעצער** גראַדזענסקי, אַ יונגער מאַן, ניט אַבּי ווער.

**לענדלאָרד** ליסטער, אַן אויפגעקומענער בעל־הבית, כמעט אַן אַלראַיטניק.

**אַ** פּעדלער, מיט מעהר צונג אין מויל, ווי סחורה אין קעסטעל.

צייט: אַרום 1895־1896.

**די סצענע:** א צימער מיט אַ גלעזערנע טיר אין הינטערגרונד. פון דרויסען שטעהט אויפגעמאָלט: „דער סמבטיון, אַ וואָכענשריפט“ אויפ׳ן גלאָז. אין מיטען צימער א שרייב־טיש מיט אַלץ וואָס געהערט צום שרייבען און אויך וואָס געהערט דערצו ניט. — ביין זייט דעם מענע־דזשער׳ס פּולט. — אַ טיהר פון דער לינקער זייט פיהרט צו „די זעצערס“: אַ שטייגער, „קוילעט מיר די גענז.“

## ערשטע ערשיינונג

דער רעדאַקטאָר און דער מענעדזשער.

רעדאַקטאָר

איז דער פּאָסטמאַן שוין דאָ געוועון?

מענעדזשער

איהר מיינט דער „לעטערקעריער”... נאָך ניט.

רעדאקטאָר

מיט וואס טויג אייך דאָס ניט „פּאָסטמאַן”, מיסטער גאָלדמאַן?

מענעדזשער

פּאָסטמאַן קלינגט גרין, מיר לעבען דאָך עפּעס אין אמעריקא! נאַדיר — פּאָסטמאַן! איי, גרינקישאַק, גרינקישאַק!

רעדאקטאָר

(האָט, קענטיג, ניט געהערט דעם מענעדזשער׳ס לעצטע ווערטער). ווען קומט ער געוואוינליך, דער „לעטער־קעריער” אייערער?

מענעדזשער

דער לעטער־קעריער אונזערער קומט ארום דיעזע צייט... זאָגט מיר, בעסער, מיסטער קריץ, האָט איהר שוין געלעזען די היינטיגע רווי־טע סמאטע?

רעדאקטאָר

איי בעטשו, איך האָב געלעזען... און ביסאיידס! א ברירה האָב איך? איהר ווייסט הפּנים וואָס דאָס הייסט זיין אַן עדיטאָר? וואו נור א שונד קומט דאָס אין מיין מונד... א גוט וואָרט, כ׳לע־בען! ניין?

מענעדזשער

האקט דאָס אריין אין אייער עדיטאָריעל! איהר לאָזט אין ניוועץ געהן אלע אייערע גוטע ווערטלעך, מיסטער קריץ... די לעזער קענען אייך ניט הערען רעדענדיג. שרייבט! הגם אייערע עדי־טאָריאלס...

רעדאקטאָר

מען לעזט זיי, מען לעזט! דאָנט טעל מי, איך ווייס... אפשר ניט אלע, אָבער מען לייענט...

מענעדזשער

(מיט א גנבה׳שען שמייכעל, אָבער ניט זעהר דרייסט) דער זעצער און דער קאָררעקטאָר, אודאי... מילא! א שפּאַס... נישט מעהר ווי

אַ שפּאַס, מיסטער קריץ. אָבער ווייסט איהר וואו עס בעט זיך אַ ווערטעל מעהר ווי אומעטום? טאַקע פאַר מ י י ן פּיידזש. הלואי קען איך אַזוי שרייבען ווי... ווי איהר, מאַך איך אייך עדס וואָס פּאַרכאַפּען דעם אָטעם. מיין אינגעל איז אַ מאַדים אויף דעם אָבער זיין לשון איז ענגליש. ווייסט איהר וואס ער זאָגט?...

רעדאַקטאָר

לאָזט דאָס אויף אַנאַנדערסמאָל. מוז זיך זעצען שרייבען מיין עדיטאָריעל, מר. גאָלדמאַן. „וואו נור אַ שונד — גלייך אין מיין מונד", אָט אַזוי הויב איך טאַקע אָן מיין אַרטיקעל... (זעצט זיך שרייבען).

מענעדזשער

רייבט זיי גוט אָן אַ מאָרדע, די יאָלדעס. אונזער פּובליקום פאַר־לאַנגט דאָס. פון וואַנען נעהמען זיך אָט אַל די סטרייקס אויב ניט פון זיי? און, צווישען אונז זאָל דאָס בלייבען, אונזער סיר־קוליישאָן פאַלט כסדר, מיסטער קריץ.

רעדאַקטאָר

טו לאָזט זשע שרייבען... לאָמיך נור אַ מאַך טאָן מיט'ן פּען און זיי צאַפּלען זיך ביי מיר, די רויטע בת־ליצנים, אַזוי שרייב איך טאַקע: „די רויטע בת־ליצנים", אַ וואויל ווארט ביי מיינע אי־דישקייט... און זיי צאַפּלען זיך ביי מיר ווי... ווי...

מענעדזשער

ווי דער פיש אויפ'ן סקאַוואָראָדע... אויך קיין שלעכט ווערטעל! הלואי בין איך אַ שרייבער!

רעדאַקטאָר

אַזוי! וואָרום אייך פאַרדריסט, משמעות, וואָס איהר געהט אין גאַנצע שטיוועל, מיסטער גאָלדמאַן... איי! דאָס טאָר ניט אין ניוועץ געהן... דאָס ווערט גלייך אַריינגעטראַסקעט אין די ווי־צען אַריין... באַרוויסע שרייבערס! דאָס נעהמט דעם עולם... אין די וויצען אַריין — „די גאַנצע שטיוועל" (ער פאַרשרייבט עס)

איצט אָבער מיין עדיטאָריעל. הויב איך אזוי אָן... (ער פאַר־ רייסט אַביסעל דעם נאָז, טוט זיך אַזוי ווי אַ וויש דעם שטערן מיט דער לינקער האַנד און וויל אָנהויבען שרייבען).

## צווייטע ערשיינונג

דער זעצער צו די פאַריגע.

מענעדזשער
וואָס דאַרפט איהר, גראָדזענסקי?

זעצער
(מיט'ן פּנים צום רעדאַקטאָר) קאָפּיע דאַרף איך.

מענעדזשער
(פאַר זיך) מיין הארץ איינגעפאלען... האָב געמיינט ער דאַרף געלד.

רעדאַקטאָר
איך שרייב... איהר זעהט דען ניט? ווארט, ווי רוף איך דעם ארטיקעל מיינעם? „נאָמענלאָזע לומפּעריי".

מענעדזשער
נעמען — לויזע — לומפּיגע? לומפּיגע לויזע מיילער וואָלט גע־ ווען בעסער, דאַכט מיר.

רעדאַקטאָר
מיסטער גאָלדמאַן, איהר שטערט מיר... נאָמענלאָז הייסט ניט לויזע נעמען; דאָס באַטייט... דאָס באַטייט... דאָס איז דייטש, פאַרשטעהט איהר, אויף אידיש לאָזט זיך דאָס שווער פאַרטייטשען, עס וועט שוין זיין אָלראַייט.

זעצער
(אונטער'ן נאָז) „טייטש", וואָס אויף אידיש קען מען ניט „פאַר־ טייטשען!" (צום רעדאקטאָר) גיט דעם ארטיקעל גאָר קיין נאָמען ניט...

רעדאַקטאָר

דאָס איז אַ שטאָכוואָרט, גראָדזענסקי; איך קען אייך, איהר ווייט אַ סאָציאַליסט. דאָס מאַכט איהר בכיון אָן גרייזען אין מיינע אַרטיקלען. בכיון! געהט צו אייער אַרבייט!

זעצער

איך וואַרט אויף קאָפּיע.

רעדאַקטאָר

טו שווייגט און לאָזט מיר שרייבען. (ער שרייבט, קאָרטשענדיג דעם שטערן) „וזאת לפנים בישראל” אזוי האָט זיך פאַרצייטען גע־פיהרט, שטעהט אין אונזער הייליגער תורה...

זעצער

פאַרגעסט ניט, מיסטער קריץ, מיר האָבען אין דעם היינטיגען נו־מער אַן אַרטיקעל — און אַ שאַרפען! — פול מיט אפיקורסות...

רעדאַקטאָר

דאָס איז ניט אייער זאַך. אַן אומגליק דאָס איז אַביסעל צו זיין אַ רעדאַקטאָר אין אַמעריקאַ! ווער עס וויל און ווער עס וויל ניט האָט דאָ אַ מיינונג.

זעצער

טאַקע ניט מיין זאַך, אָבער פאָרט אזוי: דאָ די הייליגע תורה אונזערע און דאָרטען: על השם ועל משיחו, מיט נתקה'ן מיט אַלעמען! ווי שיקט זיך דאָס?

רעדאַקטאָר

כ'בעט אייך, טענה'ט ניט צופיעל... ווען ניט די יוניאָן...

מענעדזשער

באַרוהיגט זיך, מיסטער קריץ, באַרוהיגט זיך! (קומט צו איהם צו געהנטער און זאָגט כמעט אויפ'ן אויער) דריי וואָכען ווייזשעם קומט איהם... און טאַקע די יוניאָן!

רעדאַקטאָר

(שרייבט ווייטער) „פאַרצייטען האָט זיך געפיהרט, שטעהט אין אונזער...”

# דריטע ערשיינונג

## דער לענדלאָרד צו די פּאַריגע.

מענעדזשער

(מיט אַ פרײַנדליכען שמייכעל) האַלאָ, מיסטער ליסטער?

לענדלאָרד

(גראָב) יאָך קים נוך מאַן רעיינט, דעמס־אַל!

מענעדזשער

איהר שטערט דעם עדיטאָר, שטערט איהר, קומט אַריין אַ האָרעלע שפּעטער.

לענדלאָרד

שפּעיטער! וואוס האייסט שפּעיטער? יאָך קים נישט שפּעיי־טער, יאָך וויל איך מאַן רעיינט, דעמסאַל!

רעדאַקטאָר

מיסטער גאָלדמאַן, סעטעלט מיט דעם מאַן און לאָזט מיך שריי־בען.

לענדלאָרד

יאָך׳ל וואַרטען ביז איהר שראַבט מיר׳ן דוס קוויטעלע, דוס טשעקעל אַפּ׳ען ביינק. לוזט איהם שראַבען, מיסטער גאָלדמאַן.

(ער זעצט זיך אַוועק זעהר בריטליך).

רעדאַקטאָר

(שרייבט און לייענט מיט געשמאַק — שפּיעלענדיג פאַר זיין עולם)
„פּאַרצייטען האָט זיך געפיהרט, אַזוי שטעהט אין אונזער הייליגער תורה..."

לענדלאָרד

דוס ווען עמיץ הוט געוואוינט אין אַ האַאוזקע הוט ער געצוהלט זאַן רעיינט... דוס, מיסטער, שראַאבט שפּעייטער, אַצינדער שראַאבט דוס קוויטעלע, דוס טשעקעל... יאָך הוב נישט קאַן צאַאט צי וואַרטען... איהר זאַנט באַ מיר נישט קאַן בן יוחיד.

מענעדזשער

קומט שפּעטער אַ וויילינגע. איך ערוואַרט אַ גרויסע סומע געלד

מיט דער פּאָסט... מיט דער נעכסטער מייל... א חוץ דעם ברענגט מיר באַלד אַ מאַן פון דער... פון דער פּראָווינץ געלד... גרויסע געלד, אין די שווערע הונדערטער אריין...

לענדלאָרד

יאָך וויל נישט קאַן הונדערטער און קאַן טויזענדער... יאָך בעייט נישט מעיין ווי מאַן געלד, דעטסאָל. וואָס איזמאַאַנס איז מאַאַנס, און מעיין פאַרלאַנג איך נישט.

מענעדזשער

ווילט איהר וואַרטען, מיסטער ליסטער, וואַרט. איהר זייט ביי אונז אַ גוטער גאַסט.

לענדלאָרד

גיט. וואַרטעך. (ער באַזעצט זיך נאָך ברייטליכער אויף זיין שטול).

## פיערטע ערשיינונג

פרייליין וואַלענטין צו די פאָריגע.

פרייליין

קען איך זעהן דעם הערר רעדאַקטאָר? (דער לענדלאָרד טוט אַ שמייכעל צו איהר; זי ווענדעט זיך צו איהם) איך האָב די עהרע מיך צו אינדערדוסען, מיסטער...

לענדלאָרד

...ליסטער, מיס, ליסטער...

פרייליין

אהאַ! ליסטער. וועל, הערר רעדאַקטאָר...

לענדלאָרד

יאָך בין נישט קאַן עדיטאָר, מיס! יאָך קים נוך מאַן רעיינט. דעטסאָל... רעייט ציגים (ווייזט אָן אויף מר. קריץ).

רעדאַקטאָר

(אראָבנעהמענדיג די אויגען פונ'ם פּאַפּיער) אָלראַיט, אָלראַיט! וואָס איז אייער וואונש, פרייליין...? אייער נאָמען?

פרייליין

וואלענטין, הערר רעדאקטאר! (זי פארבייגט זיך). איך מיין... אבער איהר האלט אין שרייבען...

זעצער

און איך ווארט אויף קאפיע...

רעדאקטאר

שטערט ניט, גראדזענסקי! געהט, איך שיק אייך באלד אריין... דערווייל ווארפט אפ, וואס איהר האט פונ׳ם לעצטען נומער.

זעצער

לאז זיין אזוי צו רפואה. (געהט אפ).

רעדאקטאר

אלזא, ליעבעם פרייליין.. איהר זעהט דאך, איך בין שטארק פארנומען... דער זעצער ווארט... אויף קאפיע, אויף מאנוסקריפט...

לענדלארד

אין יאך ווארט אויף רעיינט...

פרייליין

וועל אייך ני שטערען. בין דעליקאטעסע גענוג צו זעהן, אז איהר האט ניט קיין צייט, אן עדיטאר.. א קלייניגקייט אן עדיטאר! שוטקא לי עטא! א מאן, קאטארי וועלכער האט אויף זיין קאפ אלע גאסודערסטוועגע מענשען, און צייטונגען, און טאבעלנע טעג, און קהל׳שע זאכען און.. ווי רופען זיי דאס? וואנט׳ס און ער׳ס... היינט דיכטען און פראזא און אלע מדינות... זיינע מינוטען — אויסגערעכענט אויפ׳ן וואהר... כ׳מיין אויפ׳ן האר... שטערען איהם? שטערען איהם אין שרייבען, אין סאטשיניאייען זיין פערעדאוויצע בעת א וועלט ווארט אויף זיין ווארט..

לענדלארד

אין יאך אויף מאן רעיינט...

פרייליין

(מיט א ביטערען קוק אויפ׳ן לענדלארד) אזא מאן שטערען? ניין, נאט איי! באזשע סאכראני! איך קען א יונגען שרייבער, קאטארי וועלכער איז די רעכטע האנד פון דעם „קול מבשר”..

לענדלארד

וואוס? א כלי מיט וואסער? ווי האייסט?

רעדאקטאר

(כאפט א שטיקעל פאפיער און שרייבט:) קול מבשר — א כלי מיז וואסער! וואויל ווי די וועלט! | אין די וויצען אריין! אבער וואס איז אייער וואונש, פריילין? מאכט דאס קורץ.

פריילין

מיין וואונש?

רעדאקטאר

(פאר זיך) ווען ניט איהר פנים'על וואלט איך איהר גלייך אפ פראוועט. (צו איהר) וואס קען איך פאר אייך טאן?

פריילין

(אזוי ווי באליידיגט) פאר מיר טאן? איך קום ניט נאך טשאריטי. ליעבער הערר רעדאקטאר! איך בין, סלאווא באגו, ניט קיין ארע־מע גרין־הארן! איך דארף פון אייך קיין זאך ניט עניהאל... האב אייך נור געוועלט זאגען... אבער איך וויל אייך נישט שטערען... האב פיינט צו נאדאיעדאייען... פארטיקעלע א מאן, קאטארי וועל־כער האט אויף זיך, ווי מיין ברודער... אה, איהר דארפט קענען מיין ברודער... א העכסט געבילדעטער מענש, שטודירט פון יאה־רען אין כארקאווער אוניווערסיטעט... א פיין יאנג מען... וואלט אייך דערצעהלט וועגען איהם א זעהר אינטערעסאנטע געשיכטע מיט א דאמע מיט... א גאנצען ראמאן... נור איהר זייט ביזי...

זעצער

(צוריק אריינקומענדיג) קאפיע, מיסטער קריץ! איך ווארט נאך אלץ אויף קאפיע...

לענדלארד

אין איך ווארט אויף רעיינט! (צום מענעדזשער) אייער מאן מיט די געלד איילט זיך נישט צו קימען...

רעדאקטאר

(צום זעצער) געהט, ווארפט אפ, ווארפט אפ!

מענעדזשער

(לאַכענדיג) אַ מאַנסביל — וואַרפט אָפּ! ניט שלעכט, כ'לעבען! האָט דאָס אויך אַריין אין די וויצען, מיסטער קריץ!

רעדאַקטאָר

(פאַרשטעהט ניט; צו פרוילײן וואַלענטין:) אַלזאָ, ליעבעס פרויליין?

פרוילײן

יע, אַ פיינער ראָמאַן, גאַנץ כאַרקאָוו האָט דערפון גערעדט. נאָר איהר זייט ביזי און אייך קען מיין ברודער אין קאָפּ ניט קריכען איצט... אָבער איהר מעגט וויסען, אַז ער קען פראַנצויז, און ספּענ־סער און באָקל, און די געהיימניסען פון פּאַריז, און אַלגעברע, און טראָגט אַ בלוזע און גילדערנע ספּעקטאַקליעס... איז, זאָגט מיין ברודער, זאָגט ער... אַרום וואָס רייד איך... שרייבט, הערר רע־דאַקטאָר... שרייבט... אייך דאַרף מען ניט שטערען, אַ מאַן ווי אייך, איינעם קאָטאָרי וועלכער איז, ווי מיין ברודער... יע, ווי מיין ברודער זאָגט, אַן אַטלאַסענער מענש וואָס טראָגט אויף זיך אַ וועלט...

זעצער

איהר מיינט ער איז אַן אַטלאַס, דער גאָט אַטלאַס, ניט אַ מענש!

פרוילײן

זעהט נור זעהט! אַ מענש אין אַ פאַרטוך, פול מיט סאַזשע און דאָס וויים!

מענעדזשער

(שמייכלענדיג) אַמעריטשקאַ־גנב!

רעדאַקטאָר

(אַביסעל אונגעדולדיג) וואָס אַלזאָ ווינשט איהר, מיין פרויליין?

פרוילײן

וואָס זאָל איך ווינשען? איך ווינש אייך אַלדאָס גוטס פאַר אייער לעצטע סטאַטיא, אייער, ווי מיר זאָגען אין כאַרקאָוו... נור וואָס מאַכט עס אייך אויס ווי מיר זאָגען... לאָזט מיר, גרויסער מאַן

(זי ווערט זעהר ענטוזיאַסטיש) אייך אַ דריק טאָן אייער האַנד (זי נעהמט איהם אָן פאַר די רעכטע האַנד און לאָזט זי ניט אַרויס ביז'ען סוף פון איהר רעדע) אייך דאַנקען פאַר אייער אַסטראָ־אומנע פער־רעדאָוויצע, יעדער וואָרט אַזוי קלוג, אַזוי סמאַט... אַזוי... אַזוי... (זי קומט נעהנטער צו איהם; מיסטער קריץ זעהט אויס צודרומשקעט, שטאַרק...)

רעדאַקטאָר

ליעבסע פרייליין! איך... מענשען... נאָך אימיצער קומט...

פרייליין

אָה, איך וואָלט אייך...

## פינפטע ערשיינונג

פרוי קריץ צו די פאָריגע.

פרוי קריץ

וואָס וואָלט איהר? אפשר איהם קוסען? פאַר אַלעמען אין די אויגען פאַר איהם אין באַק?

מענעדזשער

(צום זעצער) „פאַר מיר אין די אויגען, פאַר איהם אין באַק!“ זאָגט איהם — אין די וויצען, אין די וויצען! גראַדזי!

פרוי קריץ

קיין בושה און קיין חרפּה ניטאָ! אַ פולע רעדאַקציע מיט מענ־שען...

פרייליין

אָבער מאַדאַם! גאָט איז מיט אייך!

פרוי קריץ

רעד מיר נישט מיט גאָט, סמאַדעלניצע, דו! איך וויל פון דיר קיין דרשות ניט. (צום מאַן, פון דער זייט:) און ביי איהם איז אַלץ סחורה... פיש — אַלץ וואָס קומט אַריין אין זיין נעץ!

זעצער

אין די וויצען, מיסטער גאָלדמאַן (צום מענעדזשער) זי רעדט בעסער איידער ער שרייבט.

פרוי קריץ

און אויף וואָס ער פּאַרקוקט זיך דאָס! די אויגען זאָלען איהם ארויסקריעכען! אַ שטיק פליייש מיט צוויי אויגען! אַ סטראַ־שידלע אין ספּאַקולען! ארויס פון דאַנען! הערסטו? ביי מיר ווערט דאָס קורץ און שאַרף...

פריילין

(האַלב וויינענדיג) אָבער מאַדאַם...

פרוי קריץ

מאַדאַמעווע מיר ניט און געה! ארויס אַז קיין דוך זאָל פון דיר ניט בלייבען! (צום מאַן) מיט דיר, טייערע כלי, רעכען איך זיך אָפּ אין דערהיים. (זי נעהמט אָן מיס וואַלענטין פאַר'ן האַנד און שלעפּט זי אַרויס) קום, קום... דאַנק גאָט וואָס דאָ זיינען דאָ פרעמדע מענשען. (זי גיט אַ ספּעציעלען קוק אויפ'ן לענדלאָרד).

לענדלאָרד

יאַך וואַרט אויף מאַן רעיינט, דעטסאָל.

פרוי קריץ

ארויס פון דאַנען! (זי און פריילין וואַלענטין אַפּ).

מענעדזשער

אַ פּאַייט, אַ פּאַייט!

זעצער

אַ ווייבערשער דועל, בנאמנות! געהן זעהן... (ער און אַלע אַנדערע געהען האַסטיג אַרויס, חוץ דעם רעדאַקטאָר און דעם לענדלאָרד).

לענדלאָרד

הערטס! יאַך קען נישט וואַרטען! שראַבט אויף דום קוויטעלע אין לוזט מעך געהן אַטענדען מאַן ביזנעס.

רעדאַקטאָר

מיין מענעדזשער וועט מיט אייך שוין סעטלען... (פאַר זיך) איך

זעה איך וועל היינט שוין ניט אויפשרייבען מיין עדיטאָריעל. פון דער פלונית'טע וועל איך מיר מסתמא שוין אויסריכטען א מפלה... אויף שונאי ישראל געזאָגט עוואָרען... דער גוטער יאָהר דארף איהר אריינברענגען דוקא ווען די יונגע דאמע ווערט צושמאָלצען...
(געוואָהר ווערענדיג דעם לענדלאָרד) ווי ווערט מען פטור פון איהם?
(צום לענדלאָרד) סעיי, מיסטער ליסטער! דער מענעדזשער...

לענדלאָרד

ווי איז ער ערהגיץ, א־ער מענעדזשער?

רעדאַקטאָר

ער איז געווים אויפ'ן סטופ! זוכט איהם אויף און לאָז ער מיט אייך סעטלען.

לענדלאָרד

יאָך געה!

רעדאַקטאָר

דער מאַן, אויף וועלכען ער ווארט, מוז באַלד קומען. מיר קריגען אריין היינט א גרויסע סומע געלד... א גאַנצען אייגענס, פאר־שטעהט איהר...

לענדלאָרד

האָלט'ס פאר זיך. יאָך וויל נישט מעיין ווי מאַן רעיינט... אין 'כמיז אך זוגען, יאָך מיז מאַן רעיינט אובען רעגעלע. אָלע חדש. רעגעלע, מיסטער עדיטאָר! הערטס? 'ך גאיי זיכען א־ער מע־נעדזשער... (געהט אָפּ).

רעדאַקטאָר

ברוך שפטרני (ער ציהט אָפּ דעם אָטעם) איצט שרייב איך. (ער טוט אַ מאַך מיט'ן פעדער) „...אזוי שטעהט אין אונזער הייליגער תורה...״ (פארטראַכט זיך) ווי, און וואס זאָג איך ווייטער? אַן אומגליק אביסעל! אמאָל פלעגט מען קענען שרייבען ווי עס האָט זיך גע־שריבען. היינט איז יעדער משה א מבין, א בעל מפונק און א... אַ קריטיקער! און דאָס האָבען אלץ די רויטע אָנגעמאַכט... ווער ווייס וואָס דאָס איז פאר אַ מאַן, וועמען גאָלדמאַן ערוואַרטעט דאַ

היינט. ער טראַגט זיך אַרום מיט סעקרעטען. אַ שותף מיט געלד וואָלט געקענט צוניץ קומען. אָבער... (ליענט) „אַזוי שטעהט אין..."

מענעדזשער

(קומענדיג צוריק) אייער אַלטע האָט זיך נאָך די יונגע דאַמע נאָכ־געיאָגט ווי דער פּויער נאָכ'ן גנב — איבער'ן גאַס... אויף לייטישע געלעכטער... טוט אָן אייערע גילדערנע ספּאַקולען. ע ר קומט באַלד, טוט זיי אָן, טוט אָן.

רעדאַקטאָר

צו וואָס? איך קען מיט זיי ניט שרייבען.

מענעדזשער

איהר דאַרפט מיט זיי ניט שרייבען, איהר דאַרפט נאָר אויסזעהן אַביסעל לייטישער (מען קלאַפּט) דאָס איז ער.

## זעקסטע ערשיינונג.

### אַ פּעדלער צו די פּאַריגע.

(דער רעדאַקטאָר און דער מענעדזשער זיצען כלומר'שט שטאַרק פאַרטאָן אין זייער אַרבייט, דער ביי אַ לעדזשער און יענער ביי זיין אַנגעתוי־בענעם אַרטיקעל. נאָך אַ קלאַפּ. די טיר עפענט זיך לאַנגזאַם).

רעדאַקטאָר

אַריין! קאַם אין!

פּעדלער

גוד מאָרנינג, זשענטעלמענס! (ער נעהמט אַראָב פון זיך אַ קעסטעלע וואָס איז געהאַנגען איבער זיין פּלייטשע אויף אַ שוואַרצען רימען) האָב פאַר אייך אַן אַרטיקעל, וואָס רעד איך? אַן אַרטיקעל? ניין, אַן אַנטיקעל, אַן אמת'ען אַנטיקעל. קריעגט ניט אַזאַ קוואַליטי, אַזאַ סטאַייל, אַזאַ פּעסטקייט אין קיין סטאָר אין דער וועלט נים. איך פאַרקויף עם בחצי חנם... זעכציג פּראָצענט אונטערן קאָסט־פּרייז, בלויז ווייל איך וויל אייך האָבען פאַר שטענדיגע קונדען. איך גלייך ניט...

מענעדזשער

(נערוואַס צו זיך געקומען פון דער אומאַנגענעהמער איבערראַשונג) מיר דארפען גאַרנישט, קיין שום זאַך ניט.

פעדלער

(ווי ניט איהם מיינט מען דאַס) איך גלייך ניט צו ריהמען מיין סחורה; וועל אייך חלילה ניט איינרעדען...

רעדאַקטאָר

(אויסטועגדיג די גילדערנע ברילען) מי האָט אייך געזאָגט אז מיר דארפען קיין שום זאַך ניט.

פעדלער

(ווי פריהער) וועל אייך ניט איינרעדען, בליוו מי! באטראַכט מיט אייערע אייגענע אויגען די סחורה מיינע.

מענעדזשער

געהט געזונדערהייט, געהט! איהר ווייסטעט אייער צייט.

פעדלער

איהר דארפט נאָר באטראַכטען די סחורה, זשענטעלמענס, וועט איהר זעהן.

מענעדזשער

(הויבט זיך אויף) געהט, ר'איד, אויב ניט רוף איך א פאָליסמען, איהר הערט?

פעדלער

אז איהר בייזערט זיך... נו, געה איך. איבער געוואָלט טוט מען מענשען קיין טובות ניט. (געהט און קעהרט זיך אום). אָבער א קוק טאָן מעגט איהר דאָך, זשענטעלמענס! גיט א קוק! וואָס וועט איהר דערצו צולעגען?

מענעדזשער

איך זאָג אייך: געהט! זאָג איך אייך, איהר הערט?

פעדלער

אודאי געה איך. מיין דאָ ניט צו בלייבען אויף נאַכטלעגער. ווילט

איהר ניט, ווי איהר ווילט זיך. (געהט און זאָגט, צומאַכענדיג די טיר:) דאָ פעהלט, קלער איך, „קעש”. אַ גוטען.

רעדאַקטאָר

ווענען האָט איהר דאָ עקספּעקטעט?

מענעדזשער

ניט אָט דעם שווארץ יאָהר — איי בעטשו! איך ערוואַרט אַ מאַן. אַ גרויסען עדווערטייזינג איידזשענט, פון גאָר די גרויסע. ער שרייבט מיר, ער מיינט אריינצולעגען געלד אין אונזער ביזנעס. וויל אונז העלפען ברעכען די רויטע קרעמעל... הינטער איהם שטעהט אַ גרויסער מאַנופעקטשורימען, וואָס האָט פיינט די אונ־טערהעצער, די טראָבעלמאַכער, די רויטע! (אַ קלאַפּ אין טיר) דאָס איז ער! צוריק די גילדערנע ספּאַקולען טוט אָן. בלייבט זיצען. קאַם אין!

## זיעבעטע ערשיינונג.

### אַגענט זוך צו די פאָריגע.

(דער רעדאַקטאָר מיט'ן מענעדזשער זעהען אויס זעהר באַשעפטיגט און וואַזשנע).

אַגענט זוך

גוטען מאָרייען, מיינע העררען! איך האָבע די עהרע מיך פאָר־צושטעלען: מיין נאָמען איז זוך, אַנאַסטאַזיוס זוך! יאַוואָהל!

מענעדזשער

(פאַר זיך) ער רעדט ווי אַ אידישער אַקטיאָר! (צו איהם) מר. גאָלד־מאַן היים איך און אונזער עדיטאָר קענט איהר געוויס פון זיינע שריפטען.

רעדאַקטאָר

(דערלאַנגט מיסטער זוך אַ האַנד) גלעד טו מיעט יו, סער!

אַגענט זוך

איהר נאָמען איזט מיר ניככט אונבעקאַנט. איך בין היער פער־

העלטניסמעסיגער ווייזע איין פרעמדער, אָבוואָהל די צייטונגס־וועלט קענט מיך. דעננאָך איזט מיר איהר ווערטהער... ווער־טהעם נאָמען באקאַנט. יאַוואָהל!

רעדאַקטאָר

נעהמט פּלאַץ, מיין הערר!

אַגענט זוך

איך דאַנקקע העפליכסטערווייזע. איך ווערדע מיך קורץ פֿער־פאַסען, יאַוואָהל! איך טהוע צו איהנען קאָמען ועגען איין זעהר וויכטיגעם געשעפט. מיינע אַבזיכט איזט, זאָ צו זאַגען, געוועזען וואָרדען וואר איהנען דען... דאַס פאָרשלאַג צו מאַכען, איך וואָל־טע זאַגען, איהנען די אָפּפּאָזיציאָן צו מאַכען טהון (עס הערען זיך טריט דרויסען).

רעדאַקטאָר

(צום אַגענט) ענטשולדיגט, מיין הערר! (צום מענעדזשער) גאָלד־מאן! דאַס איז די יונגע פּארשוין צוריק... איך געה אריין צו די זעצערם! (ער געהט אַרויס דורך די טיר לינקס).

אַגענט זוך

וואס איזט דאָס?! (ער זעצט זיך האַסטיג אַריבער אין דעם רע־דאַקטאָר'ם שטול).

## אכטע ערשיינונג.

### פריילין וואלענטין צו די פאָריגע.

(זי קומט אַריין פארוויינט, מיט רויטע אויגען, וועלכע זי האַלט האַלב פארדעקט מיט אַ טיכעל. זי טוט זיך אַ זעץ אַנידער אויף אַ שטוהל ביין וואַנט רעכטס אין וויינענדיגען קול, צווישען שלוכצעס, ווערענדיג וואָס ווייער אַלץ מעהר אויפגערעגט).

פריילין

(מיינענדיג אַז דאָס איז דער רעדאַקטאָר, זאָגט זי צום אַגענט) מיין הערר! מיר איז סאָוועסטנא דאָס צו זאָגען, אָבער אייער ווייב איז אַ ווערמא, אַ האַניבאַל, אַ ראגינע. (זי וויינט).

אגענט זוך

אבער, ליעבעם פרייליין!

פרייליין

יע, אבערט נאָך! (וויינענדיג נאָך שטאַרקער) אזוי צו באַליידיגען א יונגע פערזאָן! איהר, א מאַן, קאַטאַרי ועלכער... צוצוזעהן ווי מען מאַכט פון מיר אש און בלאָטע... (מיט כעס) מיין הערר, איהר זייט אַליין א לומפּ, א נעגאַדיאַיי, א... א...

אגענט זוך

פרייליין, וואס וואָגען זי מיר צו זאָגען? ווי אונטערשטעהען זי זיך צו אינסולטירען מיינע פרוי? (צום מענעדזשער) ווי נענט מאַן זאָ־וואס, העי? (ער שפּרייזט אַרום אין צימער).

מענעדזשער

דאָס איז א טעות, הערר זוך! (פאַר זיך) איהם זאָגען דעם אמת, קען מען אויך ניט, וואָס וועט ער דענקען פון אונזער רעדאַקטאָר? (צו מיסטער זוך) די דאַמע... דאַמע איז א האַרעלע ניט ביין זינען... זי וויים ניט... וויים ניט וואו זי איז...

פרייליין

וואָס—עיי! ? בין שוין ביי אייך משוגע אויך! איינער ערגער פאַר דעם אַנדערן... א באַנדע גאַלאָוואַרעזען... דאַרף דאָס דער שלימזל אריינפיהרען א מענשען אין אזא בלאָטע... (געהט ארויס וויינענדיג, מיט'ן טיכעל איבער די אויגען).

אגענט זוך

(זעהר אויפגערעגט) איך בין ניכ־כט היערהער געקאָממען אום איני־סולטירט ווערדען... וואָרדען צו זיין. פערשטעהען זי מיכ־ך? אדיע! (טוט א האַק מיט'ן טיר אַרויסגעהענדיג).

רעדאַקטאָר

(קומט צוריק; זוך שרייט איהם אַריין אין פּנים „אַדיע!" בעת ער געהט ארויס און זיי טרעפען זיך אין טיר) א שעהנע בורעניגע, כ'לעבען! דער לענדלאָרד אין כעס, מיין ווייב אין כעס, די יונגע פאַרשוין אין כעס, דער מאַן אין כעס, אפשר דער זעצער אויך אין

כעס און דער ארטיקעל נאך אלץ ניט געשריבען... מיין גאנצע הארץ וועל איך אויסלאזען צו די רויטע...

מענעדזשער

(פארכמורעט) כדאיער אין רעדאקציעס קיין ליעבעס ניט צו שפיע־לען, הערר גריץ!

רעדאקטאר

וואס? וואס זאגט איהר?

מענעדזשער

און אז מען האט ראמאנען ברענגט מען די באטרעפענדע ניט אין אפים... זעהט מען זיך אנדערסוואו!

רעדאקטאר

ווארום איהר מיינט טאקע...

מענעדזשער

אודאי מיין איך... פארוואס קומט קיינער צו מיר ניט...

רעדאקטאר

רעדט ניט אזוי הויך... מען קען אייך דאך הערען... זייט איהר משוגע?... ער שרייט! מען קען הערען א מייל פון דאנען...

## ניינטע ערשיינונג.

לענגדלארד ליסטער און פרוי קריץ.

פרוי קריץ

און איך האב טאקע אלץ געהערט! האב עדות, מיין שעהנער יונגער מאנטשיק, קום אהיים! א איד מיט א בארד און פאות און... ווארט נור, ווארט!

מענעדזשער

מאכט ניט קיין ספעקטאקעל, מאכט ניט! געהט בעסער אהיים, געהט, פרוי קריץ!

פרוי קריץ

קום, ליעבהארציגער מאן מיינער, קום! וועל דיר שוין וויזען ווער עלטער איז, ווארט!

מענעדזשער

(פאר זיך) מי וויים, מי וויים! אַ בלינדער קען דאָס זעהן...

פרוי קריץ

וואָס בורטשעט איהר דאָרטען אונטערן נאָז... אליין אויך אַ שעהנער תכשיט! מי קען אייך... (דער רעדאקטאר הויבט אָן צו געהן, פרוי קריץ איהם נאָך).

מענעדזשער

געה אויך. איבערגעפיהרט אַ פיינעם דיעל, בנאמנות. וואס טוט מען איצט?

לענדלאָרד

מע צוהלט די רעינט!

פאָרהאַנג.

# מאַן און ווייב

## א פאַמיליענבילד אין 1 אַקט.

**(אדאַפּטירט פון פראַנצויזיש פון אברהם דרייפוס).**

---

## פערזאָנען:

**עמיל ראַזענבערג**, אַ יונגער מאַן, מיט א ווייכען, שטילען, רוהיגען כאַראַקטער.

**לינאַ**, זיין ווייב, שעהן, יונג און זעהר א האַסטיגע נאַטור.

(עס איז שפּעט פון אָוועגד. — די סצענע שטעלט פאָר. אַ פאַרלאָר אין אַ הויז אויסען שטאָדט. פוןביידע זייטען צימער זיינען דאָ טירען, אין דעם הינטערגרונד — אַ קאַמין, אין וועלכען עס ברענט א פייער. דערביי שטעהען צוויי לעהנשטולען. — איבערן קאַמין זעהט זיך אַ וואַנדזייגער, וועלכער ווייזט אויף 11. — אויף אַ טישעל אָן אַ זייט זעהט זיך א ווייגפלאַש, אַ פּאָר גלעזער און א קאַראַף מיט וואַסער, דערביי אַ וואַסער־גלאָז. — לינא שטעהט אין פענסטער און רעדט מיט א שכנ'טע פון דרויסען. די שכנ'טע זעהט מען ניט).

**לינא**

יע, מיין פריינד, אַט אזוי האָט זיך דאָס יעדער זיין פּעקעל. ווער וואָלט דאָס געגלויבט אויף אזאַ סאָלידען ביזנעסמאַן ווי אייער מאַן איז! פינאַקעל! דאָס הרג'עט זיי אַלעמען אוועק... אַ כשוף איז עפּעס דאָ אין דעם! פיער נעכט אַלע וואָך ?! מסתמא ביז איינס, ביז צוויי אַ זייגער... אמאָל ביז דריי? מיינער, למשל, נעהמט א קאָרט אין האַנד ניט אריין... וואָס שמייכעלט איהר? איהר גלויבט ניט? הלואי וואָלט ער געשפּיעלט... ניט פיעל... פאַרשטעהט זיך... די, וואָס שפּיעלען גאָר ניט, זיינען אמאָל ערגער ווי די, וואָס שפּיעלען... האָב נאָר־וואָס געקאָנטשעט לייענען א ראָמאַן.. אזאַ מין צדיק וואָס שפּיעלט ניט אין קיין שום שפּיעל, האָט אָנגעמאַכט א שעהן ביסעל צרות! אמאָל איז גליי־

בער אז א מאנסביל זאָל שפּיעלען אין קאָרטען מיט מאנסבילען אויך... איהר פארשטעהט דאָך וואָס איך מיין... מיט ווייבער. מיינער איז קיינמאָל אזוי שפּעט ניט געקומען אהיים... מיר זייר נען ערסט א האלב יאָהר נאָך דער חתונה... אין דעם בוך, וואָס איך האָב געלייענט, האָט זיך דאָס אָנגעהויבען אויף מאָרגען, אָט ווי איך זאָג אייך: אויף מאָרגען! ווער קען אין זיי אריינקריעכען... מיינער איז, דאכט זיך, ניט פון דעם סאָרט.. ער וואָלט גאָר מורא געהאט זיך צו פארפּלאָנטערן מיט אימיצען... ווייך ווי פּוּ־טער און זעהר א געזעצטער מענש. ווייסט איהר? אייער בלוז־קעלע געפעלט מיר... קליידט אייך זעהר גוט... איך האָב עס אויפ׳ן געוויסען וואָס איך האלט אייך אזוי לאנג... עס איז שוין נאָך עלף... ווער ווייס וואו ער קען זיין.. איהר זייט מסתמא שוין געוואוינט דערצו, ניין? זייט שוין לאנג פארהייראטהעט... זעקר יאָהר! בין איך פון הארצען דאנקבאר פאר אייער געזעלשאפט. שרעק־ליך צו זיין אליין אויפ׳ן לאנד... אייערע עופּעלעך שלאָפען שוין לאנג, ניין? איהר זייט געוויס אליין אויך שוין שלעפעריג און איך האלט אייך. נו, האָט אייך א גוטע נאכט. א שעהנעם דאנק אויך. וואָס׳ארא שעהנע יעסען־נאכט! גוט־נאכט, גוט־נאכט!

(פּויזע)

אהא! דער תכשיט מיינער קומט, דאכט זיך?

עמיל

(קומט אריין מיט א געמאכטע מונטערקייט. ער זעהט אויס פארסאָפּעט, רויט אין פּנים, האָט א מיסטעריעזען, שולדיגען בליק. ער געהט האסטיג צו לינא׳ן און וויל זי ארומנעהמען).

לינא

(איהם אָבשטויסענדיג מיט כעס) לאָז מיך צו רוה, דו הערסט? אויס מחותנים! ! (זי זעצט זיך אוועק מיט א שטיק אויסנייהערייז אין דער האנד).

עמיל

(שטאַרק פערוואונדערט) אָבער לינא!

לינא

(נאָך מעהר אויפגערעגט) ווייל דיך גיט קענען און ניט וויסען, מיין שעהנער יונגער מאַנטשיק! אויס-חבר! אַ סוף!

עמיל

(מיט אַ כעס פון זיין זייט, גיט ער איהר אַ בליק פול פון.. כמעט פערראַכטונג און, אַרויסנעהמענדיג אַ צייטונג פון קעשענע, זעצט ער זיך לעזען).

לינא

אַ צייטונג לייענסטו? אזוי? אָה, דאָס איז ווירקליך גוט! מעהר ווי דאָס האָט ניט געפעהלט, בנאמנות! און דו שטעלסט זיך טאַקע פאַר, אַז איך בין דאָ געזעסען דעם גאַנצען אָוועגד ווי אַ וואָלקאַנאַק, איינע אַליין, פארלאָזען און פארגעסען, ביז דו וועסט אַזוי פריינדליך, אַזוי ליעבענסווירדיג, אַזוי געוטהאַרציג זיין צו קומען אהיים, זיך פאַרדרעהען אָן אַ זייט, מיט'ן רוקען צו דיין פאַרלאָזענע, אונגליקליכע ווייב, דער קאָפּ באַגראָבען אין אַ צייטונג... און איך האָב, קלערסטו, קיין שום אַנדער זאַך ניט צו טאָן ווי צו זיצען און זיך צו לאָבען מיט... דיין לייענען פאַר זיך...

עמיל

(וויל אויפשטעהן).

לינא

(מיט אַ שרעקליכען כעס) בלייב זיצען! קיינער דאַרף דיך גיט! פון מיינטוועגען מעגסטו אזוי זיצען ביז מאָרגען אין דער פריה. אוודאי! אַרומגעלאָפען דעם גאַנצען אָוועגד — דאַרף ער זיך אָב-רוהען! געוויס! אַרום וואָס איז דאָ צו רעדען?

עמיל

(וויל רעדען).

לינא

(האַסטיג, איהם ניט לאָזענדיג קומען צום וואָרט) פאַרדריסען פאַר-דריסט מיך גור, וואָס איך האָב אויף דיר געוואַרט ביז צוועלף-

אזייגער ביי נאכט... וואָס קוקסטו אויף דיין אוהר? זי קריעכט אלעמאָל ווען דו האָרפּסט קומען אהיים אין מיטען נאכט.

עמיל

(מיט א ביטערען שמייכעל, קעהרט אָפּ זיין פּנים, עפּעס אזוי ווי פאַרצווייפעלט).

לינא

זעה, ווי ער וואַרפט זיך! נו, איז ניט אזוי שפּעט! האָב איך ניט געטראָפען אין צעהן מינוט! איבערהויפּט, וואָס מאכט דיר אוים ווי שפּעט עס איז! צוועלף, איינס, צוויי, דריי אזייגער — וואָס איז דיר דער חילוק? כל זמן דו לעבסט זיך א גוטען טאָג...

עמיל

(מאַכט אַ באַוועגונג ארויםצורעדען אַ וואָרט).

לינא

שטיל! ער רעדט נאָך! א ווייב! נו, אודאי! וואָס איז א ווייב? זי זיצט, און וואַרט, און קוואַרט, און בלענט די אויגען, ארויסקוקענדיג צי געהט ניט איהר ליעב־האַרציגער מאַן... דאָך עפּעס א געבורטסטאָג, א כלומר׳שט געליעבטע פרוי׳ס געבורטס־טאָג! נו, לאָז זי זיצען אין קאַליישע. לאָז זי וואַרטען.

עמיל

(האָט צוגעשמייכעלט זינט זי האָט דערמאָנט דעם וואָרט „געבורטס־טאָג).

לינא

אַיי, ביסטו שעהן ווען דו שמייכעלסט אונטער! א שמייכעל — אַ מחיה, כ׳לעבען! צוקער זיס, אין אלע גליעדער צוגעהט דאָס... דאָס איז נעווים דערזעלביגער סאָרט שמייכעל, וואָס דו האָסט אויפ׳ן וועג אהין־צוצו, אָדער אהער־צו־צו געגעבען דיין פריילין ראָזענקראַנץ...

עמיל

(בליקט זי אָן, מיטלײַדיג, ענטשלאָסען איהרע ווערטער אין גאַנצען צו איגנאָרירען).

לינא

וואָס מאַכסטו אַזאַ רחמנות־מיענעלע! אָה, איך קען דיך.. וואָלט איך דיך אַזוי נים געקענט ווי איך קען דיך, גלויב מיר!

עמיל

(שאָקלט מיט'ן קאָפּ; ווי איינער זאָגט: „גלייכער צו שווייגען").

לינא

דו לייקענסט, האַ? אַרויסגעוואָרפענע אַרבייט מיר ווערסטו ניט נאַרען, מיין ליעבסטער! איך קען אויך א י ה ר, די פאַרשיינ־דעלע דיינע...

עמיל

(וו,ל אַריינרעדען...)

לינא

ברענג ניט אין גיוועץ קיין רייד! איך ווייס אַלע דיינע היפּאָ־קריטישע תירוצים. דערצעהל נור מעשיות! גלויב מיר, איך בין אַ מבין אויף דיינע קאָמפּאָזיציעס... קען אויסענווענינג די ווערטער מיט די מוזיק, מיין ליעבסטער. נאַטירליך! דו ביסט געווען אויף אַ וויכטיגע פאַרזאַמלונג... וואו איז דאָס ערגיץ פאַראַן אַ וויכטיגער מיטינג, וואָס קען אויסקומען אָהן דיר? צו מיין געבורטסטאָג דאַרף זיך, פּאַרשטעהט זיך, מאַכען אַ מיטינג, אַ וויכטיגער מיטינג, אַ העכסט וויכטיגער מיטינג...

עמיל

(לאַכט כמעט אַריין אין זיין צייטונג).

עמיל

אָה, געוויס, געוויס! דאָס איז אַ שפּאַס ביי דיר, אַ געטליכער שפּאַס! וואָס קען זיין אַמיזאַנטער ווי צו ערגערן אַ באַטראָגענע ווייב, ווי איהר צו שיטען זאַלץ אויף די וואונדען! אויף פאַר־גניגען האָט אַ ווייב קיין רעכט ניט, דאָס קומט דער „אַפיניטי", אַ שוואַרץ־יאָהר אַ מיידעל ערגיץ וואו! פרליין ראָזענקראַנץ, איהר קומט דאָס! איהר מיט די לעדערנע ליפּען, מיט איהרע

קעצעשע אויגען, מיט איהרע דאַרפמיידעלשע חנ'דעלעך! אודאי! זי איז געווים אינטערעסאַנטער ווי די אָרעמע, געזעצליכע פרוי!

עמיל

(ניט אַרויסנעהמענדיג דעם קאָפּ פון דער צייטונג, לאַכט אויפ'ן קול).

לינא

דו לאַכסט, הא? דו האָסט די חוצפה צו מאַכען אַ שפּאַס פון דער גאַנצער געשיכטע! און זי, די אונפאַרשעהמטע פּערזאָן! זי האָט געהאַט די פרעכהייט צו קומען צו מיר מיט אַ באַזוך! און וואָס פאַר אַ צניעות־פּנים'על! אַזוי ווי זי וואָלט געווען מיין בעסטע פריינדין... און כלומר'שט אונשולדיג: „הערר ראַזענצווייג" דאָ און „הערר ראַזענצווייג" דאָרטען! דיר אין די אויגען הערר־ראַזענצווייגעוועט זי דיר געווים אויך... נו, געווים! זי פּאַלט דיר טאַקע אויפ'ן האַלז מיט אַ "הערר ראַזענצווייג!" די היפּאָקריטקע... איך פאַרשטעה ניט, וואָס איהרע עלטערן טראַכטען זיך! צו געבען אַזוי פיעל פרייהייט אַ יונגע מיידעל, — מיט עטליכע יאָהר עלטער פאַר מיר, דאָס איז אמת, אָבער אַלץ אַזוי, אַ יונגע מיידעל, ווענינגסטענס אַ מיידעל אָהן אַ חתן, אָהן אַ... וואָס מאַכט דאָס אויס...

עמיל

(קעהרט זיך אין גאַנצען אוועק — מיט'ן רוקען צו איהר).

לינא

ווילסט ניט איך זאָל זעהן ווי דו ביסט רויט געוואָרען פאַר שאנד... נאָך גוט, וואס דו האָסט נאָך אַזוי פיעל בושה און חרפה אין זיך, אז דו קענסט נאָך רויט ווערען.

עמיל

(טוט אַ ניעז!)

לינא

נו, געווים, פאַרקיהלט זיך אויך! האָט געלוינט, אַבי זיך אַרומטרייבען מיט א י ה ר ביז שפּעט אין דער נאַכט אריין. זיך פאַרקיהלען, קריעגען אַ לונגענאַנצינדונג, אריינפאַלען אין ווער ווייס וואָס פאַר אַ קראַנקהייט, זיך אַרומשלעפּענדיג מיט איהר, מיט דער

„באשערטער", מיט יענער — דאָס לוינט געווים, וואָס איז דאָ צו רעדען! לייב, לעבען, געזונד אוועקגעבען... פאַר וועמען? וואָלט זי כאָטש געווען אַ מיידעל מיט מעהר חן, מיט מעהר טאַלאַנט ווי די, וואָס דער שלימזל האָט דיר נעבעך צוגעשיקט...

עמיל

(ער באַגראָבט זיין פּנים נאָך טיעפער אין דער ציימונג. ער איז ווייזט עס אוים, איצט באַשלאָסען איהר ניט צו ענטפערן אפילו ווען זי זאָל איהם לאָזען).

לינא

(פיהלענדיג די פולע פאַראַכטונג אין זיין האַלטונג צו איהר) ער שווייגט... געווים, ער האָט ניט וואָס צו ענטפערן...

עמיל

(טוט זיך האַסטיג אַ ריהר).

לינא

וואָס? דו ווילסט מיך אפשר שלאָגען אויך? קיין וואונדער וואָלט דאָס ניט זיין, אויף אַזאַ מאַן ווי דו ביסט, איז אַלץ צו גלויבען... (געהט נעהנטער צו צו איהם) נו, שלאָג מיך, איך וועל אַ פּיפּס ניט טאָן... פּאָליציי קען מיר ניט העלפען... פון'ם סקאַנדאַל וועל איך ליידען מעהר ווי דו...

עמיל

(זעצט זיך צוריק אַוועק ווי פריהער).

לינא

וואָס שווייגסטו? אויב דו ווילסט מיך ניט שלאָגען, טו רייד, פאַרענטפער זיך... זאָג כאָטש אַ ליגען, אַ גלאַטען ליגען... ער שווייגט געווים, ווער ענטפערט אַ געבראַכענע הארץ? ער איז שטום ווי אַ פיש! לאָז זי שרייען, ליאַרמען, זיך רייסען איהר גאַל! וועמען געהט דאָס אָן? ווער ענטפערט דאָס אַ ווייב? (זי קומט נאָך נעהנטער צו איהם) אָה, פאַר דער חתונה וואָלסטו שוין גערעדט... דאַן האָבען זיך געשאָטען ווערטער ווי פערל פון דיין

מויל, כאָטש שטעה און קלייב... דאָן האָסטו געזוכט מ י י נ ע ליפּען מיט דיינע, ניט די לעדערנע ליפּען פון דיין פרייליין... האָן האָסטו מיט ליעבע געקוסט מ י י נ ע שווארצע אויגען, ניט איה־רע קעצעשע... גוט, גוט, ענטפער מיר ניט, טראַמפּעל אויף מיינע געפיהלען! דאָס איז שעהן אזוי, דאָס איז מענליך.

עמיל

(לאָזט די ציישונג ארויספאַלען פון דער האַנד; זעהט אויס געריהרט).

לינא

(כמעט וויינענדיג) און וואס פארלאַנג איך פון דיר? טאָר א ווייב ניט וועלען וויסען, וואו א מאַן טרייבט זיך ארום א גאַנצען אָוועגד? האָסטו ניט אליין געזאָגט, אז דו וועסט קומען היינט א היים אפילו נאָך פריהער ווי אלעמאָל? היינט? אמאָל וואָלסטו געדענקט וואָס היינט איז. איז עס א פארברעכען צו וועלען וויסען? בין איך דען אויף דיר ארויפגעפאלען מיט א מויל ווי יעדע אנדערע פרוי וואלט געטאָן? (זי וויינט) אָה, מוטער, מוטער! ווען דו וואָלסט זיך פאָרגעשטעלט אז דיעזער, כלומר'שט גוטהארציגער, מילדער מאן וועט ברעכען מיין הארץ דעם אָווענד פון מיין גע־בורטסטאָג... פון מיין ערסטען געבורטסטאָג נאָך דער חתונה!!

עמיל

(לעגט ארויף אַ האַנד אויף איהר שולטער).

לינא

(קעהרט זיך מיט בעס אַפּ פון איהם) לאָז מיך צורוה! איך דאַרף ניט דיינע פאַלשע רחמנות! דו האָסט געוואָלט זעהן מיך וויינענדיג און דיין וואונש איז ערפילט געוואָרען! דו, דו — וועלכען איך האָב אזוי שטארק, אזוי הייס געליעבט (זי וויינט מיט הייסע טרעה־רען).

עמיל

(געהט, שטאַרק אויפגערעגט, צום אַנדערן זייט צימער).

לינא

אַה, איך ווייס! דו וואָלסט זיך באָדען אין מיינע טרעהרען, אפשר אין מיין בלוט...

עמיל

(עפענט א שראַנק, נעהמט ארויס א פלאַש וויין מיט אַ גלאָז און גיסט זיך איין).

לינא

פאַרגינס מיר ניט דעם קארפּעט, דו הערסט? דו פיהרסט מיר איי־בער יעדעס ברעקעלע אין הויז! דו ביזט ערגער ווי א קינד! דו וועסט פאַרגיסען זאָג איך דיר!

עמיל

(טרינקט אויס, גאַנץ געלאַסען, דאַן, מיט אַ בליק פון האַלב מיטלייד, האַלב רוגז, שטעקט ער אריין זיין לינקע האַנד אין בוזים־קעשענע. נעהמט ארויס א לענגליכען קעסטעלע).

לינא

א רעוואָלווער! ער וויל מיך דערשיסען! אָה, גאָט אין הימעל! (ער עפענט דעם קעסטעלע) וואָס? אָה, עמיל! א בראַסליעט... מיט מיין נאָמען איינגעקריצט... „פאַר מיין טייערע לינא, צו איהר 22־טען געבורטסטאָג!" דאָס ביסטו נאָך דער ארבייט געגאַנגען אָב־נעהמען... ניט געווען פּארטיג... אָה! מיין זיסער, טייערער, גו־טער עמיל! (זי פאַלט איהם ארויף אויפ'ן האַלז שלוכצענדיג).

פאַרהאַנג.

עס איז אפשר ניט שעהן צו האָבען איין איין באַנד שריפטען אַזוי פיעל פאָררעדעס און נאָכרעדעס, אָבער איך קען מיר ניט העלפען. איך פיהל, אַז דאָס וואָס דאָ איז געזאָגט געוואָרען און וואָס איך געה איצט זאָגען איז וויכטיג

אַ וואָרט וועגען דעם „מזרח־ווינד" איז פּשוט נויטיג פון דעם שטאַנדפּונקט פון געוועהנליכע אָנשטענדיגקייט. דער סיוזשעט איז, ווי עס איז אויסדריקליך אָנגעמערקט אין דער פּיעסע גופה, גענומען פון אַן ענגלישע סקיצע. וואָלט דאָך געווען ניט מעהר ווי רעכט צו זאָגען ווער דער מחבר איז און וואו די סקיצע איז געווען געדרוקט. ווייס איך דאָס אַליין ניט. ווי קומט עס? אָט הערט:

קומענדיג קיין אַמעריקאַ אין דעם יאָהר 1894, האָב איך מיטגעבראַכט אַ מאַסע ענגלישע זשורנאַלען, וואו עס האָבען זיך אייגעפונען קליינע גוטע סקיצען. בדעה האָב איך געהאַט אין פאַל פון אַ נויט אייניגע פון זיי צו איבערזעצען און דערפון עפּעס פאַרדיענען. איין טאָג האָט מיר געפעהלט אַ סקיצע פאַר'ן „אמת", וועלכען איך האָב דאַן רעדאַקטירט אין באָסטאָן. איך האָב זיך דערמאָנט אָן די סקיצע, וועלכע איז איצט שוין געווען אויסגעשניטען פון ערגיץ אַן ענגלישען זשורנאַל און האָב אָנגעפאַנגען צו איבערזעצען. דאָ אָבער איז מיר איינגעפאַלען, אַז אַזאַ זאַך בעט זיך אין אַ דראַמאַטישע פאָרמע און די סקיצע איז דראַמאַטיזירט געוואָרען. אַז דער סיוזשעט איז אַ גענומענער פון אַ לאָנדאָנער זשורנאַל איז אין „אמת" גופה אויך געווען באַמערקט, אָבער אין וויטערדיגע ערקלערונגען האָט מען זיך אין יענע צייטען ניט געקענט אַריינלאָזען, כדי ניט אַרויסצוגעבען פאַר די „קאַפּיטאַליסטישע (רחמנא ליצלן!) קאָנקורענטען" דעם מקור פון גוטע, קורצע סקיצען

אין דעם פאַל פונ'ם „מזרח־ווינד" איז דער מקור ביי מיר באַלד פאַרשוואונדען געוואָרען און ווען איך האָב זיך גענומען צו דער באַאַרבייטונג פונ'ם „מזרח־ווינד" פאַר די סצענע האָב איך שוין מעהר

ניט געדענקט ניט דעם נאָמען פונ'ם פאַרפאַסער און אפילו ניט דעם נאָ־מען פונ'ם זשורנאַל וואו די סקיצע איז געווען געדרוקט!

---

עטוואָס עהנליך דערצו איז די מעשה מיט „מאַן און ווייב", וואו דעם פאַרפאַסער'ס נאָמען איז גראַד יע אָנגעגעבען.

דעם סיוזשעט האָב איך אויך גענומען אין אַ לאָנדאָנער זשורנאַל, דאַכט זיך, דעם „סטרענד". דאָרטען איז דאָס געווען געדרוקט אַלס אַ סקיצע, עס איז אָבער ניט אָנגעצייגט געוואָרען פון וואַנען דאָס איז גענומען.

ערסט מיט אַ יאָהר עטליכע־און־צוואַנציג שפּעטער האָב איך על פּי צופאַל אַרויסגעפונען, אַז די ענגלישע סקיצע איז געווען אַ פאַרקירצ־טע נאָוועליזירונג פון אַן איין־אַקטער פון אַ געוויסען פראַנצויזיש־אידישען דראַמאַטורג מיט'ן נאָמען אַ. דרייפוס.

אויף דעם אופן בין איך געווען אַ „גונב אחר הגנב" און האָב דראַ־מאַטיזירט אַ סקיצע, וואָס איז קיין ענגלאַנד געקומען פון פראַנקרייך אַלס דראַמאַ. עפּעס האָט מיר מיין האַרץ געזאָגט, אַז די מעשה'לע האָט געדאַרפט איינגעפאַסט ווערען אין אַ דראַמאַטישע ראַהמקע.

---

וועגען דעם „גע'הרג'עטען עדיטאָריאַל" האָב איך בלויז איין וואָרט צו זאָגען:

אַזעלכע רעדאַקציעס זיינען אפשר היינטיגע צייטען מעהר ניטאָ. מיט אַ פערטעל יאָהר־הונדערט צוריק זיינען אין די פּראָווינצען אפשר קיין אַנדערע ניט געווען.

צי דער מאָהלען פונ'ם בילד איז אַ געלונגענע זאַך ווייס איך ניט, אָבער גענומען איז ער פונ'ם לעבען.

---

טאָמער ווערט וועלכע עס איז פון די דאָזיגע דריי קליינע פּיעסען געדרוקט דאַן וואָלט זיין ניט מעהר ווי רעכט, אַז מען זאָל האָבען דאָס פאָלגענדע אין זין:

די ראָלע פון דעם יונגען מאַן אין דעם „מזרח־ווינד", וואָס קומט צום מענעדזשער פאָרלעזען אַ פּיעסע, איז ווי מען זעהט, כמעט אַ שטומע. זי איז דוקא דערפאַר ניט לייכט, און נור אַן אמת'ער אַרטיסט וועט אַזאַ ראָלע קענען שפּיעלען.

נאָך אין אַ העכערען גראַד איז דאָס דער פאַל אין „מאַן און ווייב", וואו דער מאַן האָט לחלוטין גאָרניט וואָס צו זאָגען, — אָבער ער מוז שפּיעלען — „עקטען" אין אונזער היגען לשון — די גאַנצע צייט.

וואָס איך בין דאָ אויסען איז פשוט אויפמערקזאַם צו מאַכען אונ־זערע אידישע מענעדזשערס, אַז זיי זאָלען אַזעלכע ראָלען נים אריינ־געבען אין די הענט פון אונבאַדייטענדע, אָדער אונפעהיגע שוישפּיעלער בלויז דערפאר, וואָס אין די ראָלען איז ניטאָ פיעל „פראָזאַ", ד. ה., פיעל ווערטער.

„מאַן און ווייב" איז איין אָווענד מיט אַ יאָהר 20 צוריק נים שלעכט געשפּיעלט געוואָרען אין טהאַליאַ (אפשר איז דאָס געווען ווינד־זאָר) טהעאַטער אין ניו יאָרק.